## ביים בוג

אָ, ליד מיינס, איך האָב דיך געצוימט!
זיי רואיק — פאַר פליגל פון טרוים
פאַראַן איז נאָך שטח גענוג —
דערווייל ליגט געפּרווירן דער בוג.

אין בלווילעכן פראָסט ליגט דער טייך —
ס׳איז ברעכן די גרענעצ נישט גלייך
און לויפן — אוודאי נישט קלוג,
איצט דארף מען פאַרהיטן דעם בוג.

איך ווייס, אז פאַרשטשעמען די ציין
איז שווער, ווען מען הערט א געוויין
פון יענער זייט גרענעץ זיך רוקט,
דאָך דאַרף מען איצט וואכן ביים בוג.

אָ, ליד מיינס, ווי איך בין דיר ליב!
זיי רואיק, דו ווערסט איצט געאיבט,
צום דרייסטן און זיכערן פלוג
אריבער דעם בלווילעכן בוג.

די פליגל — אין לייכטן געוויג —
פאַרוואַרפן וועסטו ווי א בריק,
ווען דורכגיין וועט דאַרפן אין צוג —
די פרייהייט פאַר יענער זייט בוג.

ביאַליסטאָק, 1940.

## מיין מאמע אין געטא

די ווערטער, וואס טויגן אויף לידער,
צעברעכן זיך שוואכע און דינע.
זיי זענען מיר איצטער דערווידער
און כ׳ווארף זיי פון זיך אָפּ מיט שנאה.

ס׳איז ווייניק, איך זאל זיי פארסמען
מיט בראַנדיקן אָפּגאָס פון טרויער —
ס׳איז אלץ נישט די שפּראך פון מיין מאמע,
אין ווארשעווער געטאָ פארמויערט!

גיב ווערטער, פון וואנזין צעברענטע,
גיב ווערטער פון פלאם און פון פיבער! —
זיי וואָלטן זיך אפשר דערנענטערט,
דעם מויער פון געטאָ אריבער.

אזוי — בלייבן איבער די וועגן,
אויף וועלכע עס גייען די שטערן.
אין יידישן געטאָ זיי מעגן
נאָר שיינען אין אָפּגלאַנץ פון טרערן.

זיי ווייסן — דעם האס כ׳קאָן פארבארגן,
נאָר בלייבן וועט ער דער גערעכטער.
און אויב איך וועל מאָנען ערשט מאָרגן,
נאָר מאָנען וועל איך אויך פאר נעכטן...

ביאליסטאָק, 1940.

# הער מיך אויס

הער מיך אויס, מיין סאָלאָווײ,
איידער נאָך דו פליסט אוועק:
נעם אויף שמאָלע פליגל צוויי,
נעם אויך מיט מיין גרוס אין וועג.

האָסט דעם פרילינג אויפגעשפּילט
ביז אין זומער אים באַגלייט.
ס׳האָט ארום די ערד געשטילט
און צום שניט זיך צוגעגרייט.

הער מיך אויס מיין סאָלאָווײ —
איך פלי איצט מיט דיר נישט מיט.
ביז אין ווינטער, ביז זאַווײ
וועט מיר סטאיען ברויט פון שניט.

צום געדענקען כ׳האָב גענוג,
צום פארגעסן כ׳האָב א סך —
אויף דער גרענעץ היט דער בוג
פון פארגאנגענהייט די וואך.

האלב פון לעבן האָט געקאָסט,
אָפּגעסמאליעט זיך די הענט —
די פארגאנגענהייט פארלאָזט
כ׳האָב אויף אייביק און פארלענדט.

הער זשע אויס, מיין סאָלאָווײ:
דו דיין ליד היט ווי א נס.
איך — דאס ליד פון ווינד און וויי —
גוט וואָלט זיין ווען איך פארגעס!

ביאַליסטאָק, 1940.

# מיין לעבן...

מיין לעבן, דער שמייכל וואָס כ׳טראָג
דורך דיר אין די אָפּענע ציין,
מיט יעדן פאַרגאַנגענעם טאָג —
ער לעשט זיך און הייבט אָן פאַרגיין.

ביי דיר איז דאָך קיינמאָל נישטאָ,
קיין ליידיקע, פרייע מינוט,
וואָס כ׳זאָל זי נישט קענען פאַרטאָן,
וואָס מיר זאָל נישט זיין מיט איר גוט.

די טעג פון דער לויטערער זון,
די טעג פונעם האַרבסטיקן ווינט —
זיי ווייסן, אפּנים, דערפון
און לויפן, אַנטלויפן געשווינד.

און דאָך — ווען מען קאָן און מען מעג,
און דאָך — ווען איך ווייס אַזאַ שפּרונג —
איך וואָלט אויף אַ צייט כאָטש אוועק,
אוועק אויף אַ שטילן באַזוך.

פאַר געבן איין־איינציקן בליק
אַריבער די צענטליקער יאָר —
באַצאָלן כ׳בין גרייט פאַר דעם גליק
אַ קאָפּ מיט פאַרפּרווירענע האָר.

כ׳ וואָלט אפשר ביים שיין פון די טעג,
וואָס זענען פון לויף נאָך צעגליט,
דערזען, ווי פון בלוט און געשלעג,
די ערד גייט אַרויס מיט אַ ליד.

ביאַליסטאָק, 1940.

# דאס זילבערנע גלעקל

דאָס זילבערנע גלעקל פון שליטן
אויף פּוביקער שטילקייט פון שניי —
געננוג איז, אין הארץ זאָל א שניט־טאָן
די בענקשאפט א שארפע ביז ווי.

אהין ווו איך האב זיך געראנגלט,
אין קלעמען — צום שווונג זיך געגרייט,
כ׳וויל גרייכן צוריק און דערלאנגען
דורך שטילע, דורך לויטערע רייד.

איך האָב נישט פארגעסען די זאָרגן,
די גרויע, טאָג־טעגלעכע קריג,
ווען כ׳האָב פון מיין טאטן פארבאָרגן,
מיין יעטוועדן טראָט, ווי א זיג.

און דאָך, ווען אריבער די יאָרן,
איך קוק איצט צוריק פון דער ווייט —
גייט אויף, ווי א פונק אין זכרון,
די הארבע, פארגאנגענע צייט.

א רויטלעכע שיין גיט א פינקל
און וואשט אָפּ דעם חושך פון ווענט.
איך טוליע זיך ווידער אין ווינקל,
ווו ס׳אייזערנע אייוועלע ברענט.

עס שוויגט נאָך פארפינצטערט די מאמע,
נאָר איך ווער צום זינגען גערעגט;
און איך קוק אריין אין די פלאמען —
פארכאפּט פון דעם העלן געיעג.

און ווען ס׳ווערט דאָס פייער אנטשוויגן,
ווען ס׳שטיקט זיך אין אשן דאָס קויל —
הייבט אָן ערשט צו לעבן דער ניגון
אין פלאמיקע רייד אויף מיין מויל.

ביאליסטאָק, 1941.

# אָנזאָג

ס'ווערט שטילער און שטילער. די לופט, א געדיכטע,
איז גרייט פארן אָנקום פון שטורעם.
די פינצטערע כמארעס, אין שיכטן אויף שיכטן,
פארציען דעם הימל מיט גבורה.
די בערג זענען ווייט אינעם חושך פארשוואונדן;
דער נעפל פארמעקט האָט די זילבערנע שפיצן,
נאָר ס'ווארטן די תהומען, עס זאל זיך א צינד טאָן
דער שארפער זיגזאג פון צעקרייציקטע בליצן.
דורך אָפענער טיר און דורך פענצטער צעפראלטע
איך זע, ווי דאָס גרינס האָט זיך פלוצים פארלאשן.
איך זע, ווי די פייגל פון הימל באהאלט ווער —
איך ווארט אויפן דונער, איך ווארט איצט אויף לשון.

הער איין זיך, דער אנזאג קומט אן: ווי א ציטער,
א ווינטל שוועבט דורך אויף די גראזן פון אויבן.
נאָך אים גייט דער מעכטיקער רעש פון געוויטער,
רייסט שטיקער פון ערד אָפּ און פרווט זיי צעשטויבן.
דער שטורעם קומט אָן און פארנעמט אלע ענדן —
די ערד דארף אים איצטער אינגאנצן געהערן.
ער ווארפט אויפן בוים זיך און וויל אים פארלענדן —
דער בוים וויל אנטלויפן, דער בוים וויל זיך ווערן.
ער רייסט זיך פון וואָרצל, ער קרעכצט און ער וואָיעט —
אומזיסט, ס'איז אין ערגעץ נישטא ווו אנטרינען.
איך שטיי אינעם אָפענעם פענצטער און לויער —
איך ווארט איצט אויף לשון, איך ווארט אויפן דונער.

אלמא־אטא, 1941.

# אויף א באנק

אינמיטן פון רעש און גרויסשטאָטישן ריח
א ייד אויף א באנק ליגט, ווי אויף א מזבח.
די ליפּן — פאַרדאַרטע, מיט דורשטיקע ציינער —
אינמיטן דער רוישיקער שטאָט איז ער — איינער.
נישט יצחק, דער זון איז דאָס פון דער עקדה —
ניין, ס׳ליגט דאָ אברהם אליין איצט, דער זיידע,
בלויז עלטער מיט עטלעכע טויזנטער יאָרן —
ווייִ, וואָס פון אונדז איז געוואָרן!

ער שלאָפט. אויף זיין באָרד פאַשען רואיק זיך פליגן,
אַזוי ווי אויף פעלדער פון חומש — די ציגן.
געגאַנגען איז ער איבער ימען און לענדער
מיט באָרוועסע פיס און פאַרגאַרטלטע לענדן.
וווּ זענען די טשערעדעס שעפּסן און רינדער?
ער מורמלט פון שלאָף בלויז: די קינדער... די קינדער...
געלאָפן... געפאַלן... פון הונגער... פאַרלאָרן...
ווייִ, וואָס פון אונדז איז געוואָרן!

זעץ איך זיך אַוועק ביי זיין שטויביק צופוסן.
איך דאַרף אים נישט וועקן, אַז כ׳זאָל זיך דערוויסן,
ווער ס׳האָט אים געבראַכט אויף דער באַנק און געבונדן.
איך וועל אים נישט וועקן — נישט וועקן די ווונדן,
דאָס דרעמלט מיין טאַטע און ברומט ווי פון חלום:
וועסט דורכגיין, וועסט דורכגיין, וועסט דורכגיין בשלום,
און ס׳דאַכט זיך, זיין פּנים ווערט לויטערער, קלאָרער. —
ווייִ, וואָס אונדז איז געוואָרן!

ניין, כ׳ווייס, אַז איך וועל זיך נישט קענען געניאַרן,
ווייל דורך זענען מיר דאָך די זעלבע געפאַרן.
אויף אונדז האָט דער הימל מיט פייער געזעגנט
און יעדער וואָקזאַל האָט מיט רויך אונדז באַגעגנט.
אינמיטן פון הילכיקע קינדער־געוואַלדן,
מיר זענען געלאָפן אין פעלד זיך באַהאַלטן,
די אויגן פאַרגראָבן אין גילדענעם קאָרן. —
ווייִ, וואָס פון אונדז איז געוואָרן!

וואָלט ער פאַר זיין זון מיך געוואָלט אָנערקענען!
וואָלט ער פאַר א קרבן געוואָלט מיך פאַרברענען! —
ער האָט אים געזוכט אין פאַרלוירענעם וואנדער,
געוואָלט האָט ער זיין מיטן זון דאָרט, נישט אנדערש,
נאָר ער האט אליין דאָרט געלייגט זיינע ביינער —
דעם חלף האט דאָרט נישט פאַרהאלטן שוין קיינער,
נישטאָ קיין מלאכים — פאַרהאלטער פון צאָרן...
ווייִ, וואָס פון אונדז איז געוואָרן!

אלמא־אטא, 1942.

# געסט

און וועמען דערוואַרט איצט מיין חלום ?
און ווער וועט דאָרט קומען צו גאַסט ?
מיין מאַמע — פון הונגער געשוואָלן,
די ברידער — מיט קאַטאָרגע־לאַסט.

מען שטאַרבט דאָך בלויז איין מאָל מסתמא,
און איין מאָל בלויז זאָגט מען אַפּ ווידוי,
און דאָך קומען ברידער, די מאַמע
אין חלום און גוסן ווידער.

די מאַמע איז לייכט צו דערקענען ;
זי קומט אין מיין חלום פאַרוויינט.
זי לייגט אויף די קני מיר איר פּנים
און ווייזט די געשטשירעטע ציין.

זי עצהט, איך זאָל זי פאַרדעקן
מיט בלומיקן טישטעך פון חלה,
וועט זי מיך שוין מערער נישט שרעקן,
אין חלום מיך מער נישט באַפאַלן . . .

נאָר אַנדערש גאָר קומען די ברידער —
אַמערסטן איך זע זיי אין בלוט.
זיי הייסן : צערייסן די לידער
און רייצן זיך : גוט אַזוי, גוט !

די אויערן אונטערגעשניטן —
גייט איינער פון זיי מיר אַנטקעגן :
— כ׳וועל יעטוועדן טראָט דיינעם היטן,
אַ שטילער דיר נאָכגיין אויף וועגן.

כ׳וועל שטאַרבן און נאָכאַמאָל שטאַרבן
און כ׳וועל נישט אַראָפּ פון דיין וועג,
ביז דו וועסט אין שלאַכטן אין האַרבע
אויף שפּור פון מיין בלוט נישט אַוועק !

דער צווייטער, דער דריטער, דער פערטער —
מיט מיילער פארבלוטיקטע, רויטע,
מיט שטילע אָנזילביקע ווערטער,
ווי ס׳רעדן אין חלום די טויטע:

— פון אלע האָסט דו זיך באהאלטן
און לעבן געבליבן ביסט דו.
נאָר ווייס, אז אין טויזנט געשטאלטן
מיר וועלן בארויבן דיין רו.

מיר וועלן מיט טויזנט ענוים
דיין שלאָף און דיין חלום באשטעלן;
דיין בלוט וועט, ווי אונדזערס, נישט רוען,
כל־זמן דיין נקמה וועט פעלן!

אלמא־אטא, 1942.

# אז ווײל איז דעם ווינט

אז ווײל איז דעם ווינט, וואָס ער ווײסט פון קײן שטערונג
ער גײט איבער ליניעס פון פראָנט און פון פײער,
ער פירט דורך די כמארע דורך זאלפּ פון הארמאטן ;
דעם ריח פון עפּל ער טראָגט צו צעשטערונג
און פון א פארברענטן קאָלווירטישן שײער
דערטראָגט ער דעם אויפרײס, דעם הילך פון גראנאטן.

מײן טראָט איז פאראורטײלט צו קריכן און פויזען
און וואַרט אומבאהאָלפן אויף שווינדל פון רעדער —
מײן טראָט איז פארמשפּט צו רעלס און שאסײען.
איך זיץ אין דער שײנער מסיבה פון רויזן,
אין זיסלעכן נעפּל פון עפּלבוים־סעדער
און זע זי, די ערד פון פּאָגראָם און געשרײען.

אײן כוואליע איז שרעק און די אנדערע — שוידער,
און בײדע זײ גײען מײן רוקן אריבער
און פירן מיך אָפּ צו די וויסטע קאָשמארן.
איך לויף צווישן תליות פון ווינטן געהוידעט,
איך פאל איבער פרישע פארשאָטענע גריבער,
און אָט — איך געפין זיך אין לאנד פון געפארן.

כ׳בין דאָ — און גענוג איז דאָס רואיקע ווארטן !
מײן שפּראך איז א וואלד מיט געצונדענע שטאמען,
מײן דמיון — א רוים מיט פארלוירענע שטערן.
זאָל זײן, אז מיט פלאָם איז דער רוים א פארשפּארטער —
מיט פלאם וועל איך פּרוּוון אדורכגײן דורך פלאמען. —
דורך רויך וועט מען זען מיך, דורך אומקום — דערהערן !

אלמא־אטא, 1942.

* *
*

הײ, אַרטילעריסט, הײב אויף העכער די לופֿע,
דערלאַנג אַ סנאַריאַד פֿונעם גרעסטן קאַליבער,
ברעך אויס אַ שטיק פֿונעם דײַטשישן מערב,
און איך — נאָך זײַן שפּור — װעל דעם פֿראָנט שוין אַריבער.

אָ, פֿליער! שטײַג אויף אין די פֿײַנטלעכע רוימען,
צעשיט אין אַ האַגל די גאָלדענע שטערן,
דערשטיק דאָרט דעם שונא, װאָס װיל מיך פֿאַרצוימען
און האַלב פֿון דער װעלט פֿאַר מײַן טראָט װיל פֿאַרװערן.

מאַך פֿרײַער דעם װעג — װײַל אַלײן בין איך גרײט שוין:
צום ראַנד פֿונעם אומקום האָב איך זיך דערנענטערט.
דעם הימל איך טראָג אין מײַן בליק אַ צעקנײטשטן,
די ערד — אַ פֿאַרקױלטע, די בײמער — פֿאַרברענטע.

איך נעם דעם נאַגאַן, װי אַ שליסל אַ טרײַען —
מיט יעדערן שאָס װערט אַ טויער געעפֿנט.
מיט בלוט איבער בלוט און מיט פֿײַער דורך פֿײַער —
אַזוי מוז מען גײן און — אַזוי װעל איך טרעפֿן!

1942.

# טויזנטער מיילן

טויזנטער מיילן פון היים און פון שלום —
טויזנטער מיילן און — זומער.
ס׳לויפט אָן דאָס גרינע געבלעטער, מיין חלום
אָפן בלייבט גאפן א שטומער.

ס׳פאלט שוין אין געלקייט דאָס גרינס פון די בלעטער,
בלויקייט פון הימל ווערט מאטער.
כ׳היפער פון עבר צום ליכטיקן שפעטער
איבער א יאָר אלמא־אטער.

שפינוועבס וואָס וויגט זיך איצט צווישן די ביימער,
נעפל פון שטילע פארנאכטן,
דאָס איז מיין בריק און אזוי איבער טרוימען
גיי איך מיט אויגן פארמאכטע.

אלמא־אטא, 1942.

# פאַרגעסן, פאַרגעסן

א בליץ האט דעם הימל העל איבערגעשניטן,
דער דונער — נאָך אים — האָט צעטרייסלט די ענדן.
דער בליץ איז פאַרביי און דער דונער — געמיטן,
נאָר איך בין געבליבן געפּלעפּט פון פאַרבלענדונג.

די כמאַרע הענגט איבערגעשפּאָלטן אינצווייען,
און ס׳פּלייצט איבער מיר איצט מיט וואָרעמקייט ווייכער;
דער רעגן וואַשט אָפּ פון מיין גוף די געשרייען —
איך שטיי ווי פון אייגענעם לעבן א זכר.

פאַרגעסן, פאַרגעסן — ס׳איז גאָרנישט געוועזן:
איך בין נישט אוועק אינעם ווילדוואַלד פון יאָרן;
פון ביכער האָב איך בלויז זשול ווערן געלעזן,
און כ׳בין נאָך א האַלב פון דער וועלט נישט פאַרפאָרן.

און אט איז די כמאַרע פאַרגאַנגען אין פענצטער,
פאַרגאָסן די שויבן מיט זילבערנע שפּריצן.
מיט אויגן פאַרגרויטע — כ׳בין ווידער דער קלענסטער
אינצווישן די ברידער פאַרגאַפטע, וואָס זיצן.

פאַרגעסן, פאַרגעסן — כ׳האָב אַלצדינג פאַרגעסן.
מיין וועג, ווי אין קינדהייט, ליגט ווידער א גראָדער,
און יעדער מעת־לעת פון די תמוז־מעת־לעת׳ן
הענגט קיילעכדיק, פול, מיט א זוניקן יאָדער.

די ערד איז א גאַנצע, דער הימל — א רונדער,
און יעדער פאַרנאַכט האט זיין אייגענע שקיעה.
און יעדן פרימאָרגן קומט אָן ווי א וווּנדער
א סטייע פון שוואַלבן דעם חלום פאַרציען.

.1942

# מערער מעש דערלאנג,
# ארקעסטער

מערער מעש דערלאנג, אָרקעסטער! —
ערגעץ גוואלדיקט מען מיין שוועסטער,
ערגעץ בראזגען איצטער שויבן,
ערגעץ גייען רויבער רויבן.

אויסגעפליקטע בערד און פיאות,
אָפּגעהאקטע טויט־געשרייען,
אויסגעשמירטע פארמעט־ספרים,
טיפע, לאנגע ברידער־קברים. —

מער געבויגן, מער געבויגן —
ווייז נישט קיינעם דיינע אויגן.
פייער קאָן פון זיי א זעץ טאן,
שנאה — פון דעם אָטעם לעצטן.

מערער מעש דערלאנג, אָרקעסטער,
טויב, פארטויב, די שטילקייט לעסטער! —
צופיל וואונדן אויף צו היילן,
צופיל מתים אויף צו ציילן.

אלמא־אטא, 1942.

# אויף מערב

א קנוויליקער רויך אויפן רוים,
געשרייען פון לאָקאמאָטיוו. —
די עפּל איך לאָז אויפן בוים,
די תבואה — אין ערדישער טיף.

אויף מערב, אויף מערב מיך פירט
דער רוף פון דער שווארצער מאשין.
פון טויזנטער וויאָרסטן פארווירט,
איך טראָג זיך אהין אלץ, אהין.

געקומען — איך בייג אָפּ דעם פּראָנט:
א פאָרהאנג פון פייער און פלאם.
געקומען, כ׳בין דא. איך בין נאָנט,
ביים בלוטיקן שפּור פון מיין שטאם.

ניין, ניין! איך געדענק נישט אצינד
דאָס אלץ, וואס איז דאָרטן געשען. —
ביים לעבן טרעף איך מיין געזינד
און אלץ — אויפן אָרט ווי געווען.

דאָס טישטעך שיינט ווייס אויפן טיש,
און לעפל און מעסער איז גרייט.
און ס׳טראָגט זיך פון קיך אזוי פריש
דער ריח פון זעט און פון פרייד.

איך עפן די שאנק און דערשפּיר
דעם דופט פון פארפומען אויף זייד,
פונדאנען האָט גארנישט גערירט
און גאָרנישט גענומען די צייט.

ווי שטענדיק, דערזע איך, עס הענגט
דער מאמעס ווייס־חופּיקע קלייד.
עס הענגט נאָך ווי פריער און בענקט
צום טאָג, ווען מען האָט עס גענייט.

איך טרעף אויפֿן זעלביקן אָרט
דעם טאַטנס קאַפּאָטע צעשיט.
אין צויטן — דער זייד זיך צעפּאָרט,
ווי ס׳פּאַסט פאַר א חסיד א ייד. — —

צו וואס, אוי, צו וואס אלץ — צו וואָס
האָב איך זיך אין אומגליק דערטראַכט —
פון דעם, וואס איך בין מיט פאַרדראָס
אוועק — כ׳וועל צוריק איצט געבראַכט.

ביז ווייטיק עס טוט מיר איצט באַנג
דאָס לעבן, וואס איז דאָרט פאַרווישט. —
אין קדיש שלאָגט אָן מיין געזאַנג
און ווערטער — מיט נעפּל צעמישט.

אלמא־אטא, 1942.

# נישטאָ

געווען איז אַן אָנהייב — איצט איז ער נישטא.
איצט ליגט ער מיט ערד און מיט שטויב א פארמישטער.
אליין, ווי א נשרף, פארצאָרנט און גרא —
שטיי איך איבער אשן און נישטער און נישטער.

איך קען אלע ווערטער די קלוגע, איך ווייס :
ביסט לעבן געבליבן — דעם טויט צו פארגעסן.
נאָר שווער, אוי, ווי שווער, עס זאָל גרייכן דיך טרייסט
ווען הינטער דיר שליסן זיך צו אלע שלעסער.

דו גייסט אין דער ווייטקייט אליין איצט, אליין,
דו נעמסט אין דיין וועג מיט א קינד, ווי א זכר ;
דאָס דינע, דאָס ליכטיקע שנירל געוויין
דורך אים זאָל ביז טיפער אומענדלעכקייט גרייכן.

אלמא־אטא, 1942.

# ירושה

נישט אלץ, וואס געירשנט — כ׳וועל לאזן ירושה.

נאָר איין זאך: מיין שנאה, מיין פיינפולע שנאה,
וואָס יאגט אָן אין אויג מיט א בלוט־שטראָם פון הארץ,
וואָס איינע בלויז זי איז איצט שולט אין זינען,
וואָס האט אלע פארבן פארגאָסן מיט שווארץ;
מיין שנאה, וואס דארף נישט קיין שפראך און קיין טייטש
און רייסט אויף ביים בלויזן דערמאָנען: א דייטש —
דאָס וועל איך מיט ציטער פארהיטן און זאָגן:
— דאָס זאָלסטו, מיין קינד, צו דער אייביקייט טראָגן.

דורך דיר זאל אוועק, נישט געשטילט, מיין נקמה
און גיין, א געטרייע, אויף שפורן פון מאָרד.
זאָלסט טראָגן א סדומישע שטראָף אויף די סדומער
און ברען אונטער יעדן רוצח דאָס אָרט.
דיין בלוט זאָלסט, חלילה, מיט זיינעם נישט מישן.
צום הונגער זאָלסטו אים דערלאנגען דעם דאָרשט.
א שטיין — ווען ער וועט ביי דיר בעטן א קישן.
און רעדסטו צו אים — ווי דו וואָלסט אים געפּאָרשט —
און היט זיך צו שטעלן אין גבול פון זיין שאָטן,
און היט זיך מטמא צו זיין מיט זיין אָטעם.

אלמא־אטא, 1943.

## אין שאָטן

אין שאָטן — מיין ברודער, מיין מאמע, מיין שוועסטער —
צעעפנטע מיילער, פארהויבענע הענט.
פון אומגליקן אלע — דאָס אומגליק דאס גרעסטע —
א שבט, א דור ביזן וואָרצל פארלענדט.

צי האָב איך אומזיסט דען געשיידט זיך מיט גראמען ?
צי האָב איך אומזיסט דען געשוויגן א יאר ?
א קדיש געגנוג קאָן נאָך זיין פאר א מאמען,
נאָר ווי גיט מען טרייסט א פארטיליקטן דור ?

די ערד האט ביז איצטער געזען בלויז מיין נאקן —
דעם בליק כ׳האב באהאלטן פאר חרפה און שרעק.
איצט קער איך פארעקשנט זיך אום און מתקן
כ׳בין דאָס, וואָס אין בלוט איז אויף אייביק אוועק.

דאָס פייער, וואָס האָט מיך געיאגט איבער לענדער,
צעשניטן די פעלדער מיט פאסן פון פראָנט,
האָט איצטער אויף מערב זיין פנים געווענדעט —
מיין היים ווערט אלץ נענטער, דער חורבן ווערט נאָנט.

איך גיי אים אנטקעגן ! — אין פרייד פון פארפאָלגן,
אין רויך פון פארנומענע דערפער און שטעט —
איך גיי איצט צוריק פון דער רוסישער וואָלגע —
אין וואָלקן פון אָנגריף צו ווארשע איך טרעט !

אלמא־אטא, 1943.

## רויטע הימלען, שווארצעביימער...

רויטע הימלען, שווארצע ביימער
און דער טויט אליין איז — שומר.

אָפּגעשניטענע מיט פלאמען
אלע וועגן צו מיין מאמען.

פליט אַ טויב אין מיין שליחות
צו דעם לאנד פון די רציחות.

פליט זי, און דער פראַנט ווערט נע׳נטער,
און זי פאלט א קויל־פארברענטע.

— שיק איך אָפּ דעם ווינט פון דרום
ווערט אין וועג פון אים א שטורעם.

הייבט ער קעמפער פון די גריבער,
גייט מיט זיי אין אָנגריף איבער.

— שיק איך אָפּ דעם ווינט פון צפון
לייגט ער אויס דעם שונא שלאָפן.

דעקט אים איין מיט ווייסע שנייען,
שווארצע קרייצן, שווארצע רייען.

וועל איך מער נישט שיקן קיינעם,
און אוועק אהין אליין נאָר.

— כ׳האָב א בריוו שוין אָנגעשריבן
ווערטער יידישע און ליבע.

אויף מיין ברוסט וועל איך אים טראגן,
ווען איך וועל דעם שונא שלאָגן:

„צו מיין מאמען, צו מיין ליבער!
אפשר ביסטו נאָך געבליבן?

אפשר ווערסטו זיך דערוואַרטן
אויף מיין טראָט דעם לאנג געגאַרטן...“

אלמא־אטא, 1943.

## א מעשהלע

אָ, קינד מיינס, דו פיר דיינע פינגער
אדורך מיינע טונקעלע האָר.
צו טראָגן די שנאה ווערט גרינגער
און גרינגער — פארגעסן די וואָר.

איך וויל דיר דערציילן א מעשה,
נאָר דו ביסט צו קליין נאָך, צו קליין.
וואָס וויסטו פון יאָר ניין און דרייסיק —
דעם יאָר פונעם גרויסן געוויין ?

דיין טראָט אויף דער ערד איז נישט זיכער,
דו הייבסט ערשט אָן בינדן די רייד —
וואָס וויסטו פון דייטש און רציחה,
פון מאמעס און קינדער צעשיידט ?

דו ציילסט אויף חדשים דיין לעבן,
וואָס האט פון נישט־זיין אויפגעטויכט,
נאָר איבער דיין אויפקום — עס שוועבן
די ווארשעווער הייזער אין רויך.

איך טרעף דאָרט אין איינעם א טויער
א קינד, פונקט ווי דו, טראָפּ אין טראָפּ,
מיט אייגעלעך ריינע און בלויע,
מיט זיידענע האָר אויפן קאָפּ.

א סטעזשקעלע זוכט עס דורך פלאמען,
דורך רויכן — א וועג זוכט דאָס קינד ;
א סטעזשקעלע זוכט צו דער מאמען
דאָס פּיצל, פון וויינען שוין בלינד.

איינס פון די פיסלעך איז באָרוועס,
דאָס צווייטע — באזאָקט און באשוכט.
קאָן זיין, אז דאָרט אונטער די חורבות
די מאמע א שיכל נאָך זוכט...

נו, וועמען דערצייל איך, נו, וועמען?
ווי גוט, וואָס דו קאָנסט נישט פארשטיין.
ווי גוט, וואָס די ליכטיקע ברעמען
פארבלייבן נאָך קינדעריש ריין.

אלמא־אטא, 1943.

# חרוב

אמאָל האָט דער געלער מלמד
מיך אָפּגענומען ביי דער מאמען,
געזעצט מיך ביי אַן אַלטן חומש
אינמיטן דער תמימה פון זומער;
אמאָל האט דער געלער מלמד
אין שמוציקן קאפּל פון סאמעט
געפירט מיך אין א טאָג א הייסן
אנטקעגן דעם האָריקן עשיו.

אמאָל איז מיין קינדערשער חלום
געוואָרן צו הבל הבלים,
געוויינט זיך צו שמייכלען און שעמען
אנטקעגן געכמורעטע ברעמען
פון אייביק פארברוגזטן טאטן:
— די פרייד זאָל חלילה נישט שאטן,
דער זון זאל ארויסגיין א פרומער
בשלום — פון ליכטיקן זומער.

אמאָל האט דער פוילישער הימל
באזונדער געמאכט זיך א סימן,
באזונדער א פארב פארן חודש
פון יידישן פחד און שוידער.
מיין הארבסט האָט געהייסן דאָרט אלול,
און ס׳האָבן די בלעטער די געלע
געטאנצט און געדרייט זיך אין הויפנס
צום ניגון פון ווינט און פון שופר.

דערנאָך האט געווערט זיך מיין יוגנט —
אוועק פונעם טיש נישט באנוגנט
און האָט מיט א ריינעם געוויסן
דעם שבת, דעם שווארצן צעריסן
מיט פלאם פון דער פאָן, דער רויטער.
אוועק ווי א נוקם־ונוטר —
מיט יידישן נוסח און ניגון —
בין איך קעגן אומרעכט און ליגן.

און דאַן האָב איך טוישן די לידער
געפּרוּווט אויף די רייד פון מרידה,
אויף בונט און אויף ליכט צווישן קראַטן,
און וואַרשע — פאַרקלעפּט מיט פּלאַקאַטן.
אין גאַסן געפירט כ׳האָב המונים
מיט שטיינער אַנטקעגן דעם שונא,
מיט לידער אַנטקעגן באַגנעטן,
מיט פויסטן אַנטקעגן פאַרעטער.

אַלץ, אַלץ איז פאַרגאַנגען, איז חרוב,
פאַרמשפּט מיין בלוט איז זיין ערוב
פאַר אַלע — די שניידער, די שטעפּער,
די בעטלער, די זינגער, די שלעפּער,
די מענער מיט האַסטיקע תנועות,
די איידעלע פרויען — די צנועות, —
זיי אַלע, זיי אַלע, זיי אַלע,
זיי ברענען אין שולן, אין שטאַלן.
זיי שטאַרבן פון הונגער און פיבער,
מע טרייבט זיי זיך לייגן אין גריבער
און וואַרטן אויף לעצטן עינוים,
אַ שיכט אויף אַ שיכט — אַזוי רואיק
און וואַרטן, מע זאָל זיי פאַרשיטן
אינמיטן פון לעבן,
אינמיטן.

אַלמאַ־אַטאַ, 1943.

# הבדלה

נעם איך דעם כוס אין דער רעכטער האַנט —
מיד איז דער גוף, די נשמה איז קראַנק.
פול ביז צום ברעג מיט דעם גיפטיק געטראַנק,
נעם איך דעם כוס אין דער רעכטער האַנט,
מאַך איך הבדלה ביי ברענענדיק לאַנד.

רויט איז דער הימל, שוואַרץ איז דאָס גראָז,
פעלדער — מיט נאַקעטע ביינער פאַרזייט,
קברים אויף קברים, אויף לענג און אויף ברייט.
רויט איז דער הימל, שוואַרץ איז דאָס גראָז,
אַלט איז די תפילה: פאַרוואָס, אוי פאַרוואָס?

וווּ איז געבליבן אַ פּיצל פון ערד,
וווּ איז דערלויבט נאָך מיין שטים און מיין טראָט,
וווּ בין איך פריי פון פאַראַכטונג און שפּאָט,
וווּ איז געבליבן אַ פּיצל פון ערד,
וווּ איז מיין לעבן נאָך אַלץ נישט צעשטערט?

העל איז די שׂרפה און איך בין די קנויט,
ברענט זי — דערברענען וועט זי ביזן סוף,
ברענט זי — פאַר פרעמדע חטאים אַ שטראָף.
העל איז די שׂרפה און איך בין די קנויט —
מיליאָנען מאָל טויט איז שוין מער נישט קיין טויט...

שטילער — דעם טייך ווי אַ שפּיגל פאַרדעק,
אַש אויף די האָר, און אין קריעה — דאָס לייב.
אַלץ איז פאַרגאַנגען און דו בלויז, דו בליַיב,
דו נעם דעם טייך ווי אַ שפּיגל פאַרדעק,
דו זעץ זיך שבעה ביים נידריקסטן ברעג.

אַלמאַ־אַטאַ, 1943.

## צום לאנד אָן געוויין

קינד מיינס!
פון דיינע טריטעלעך קליין
פון דיין פיצעלע האנט,
איך לאז זיך איצט פירן
צום ווייטן לאנד,
צום לאנד אָן געוויין.

דיר פאלט דער ווינט
ווי א שאל אויף די אקסלען.
מיר גייען
און גייענדיק — וואקסטו,
נאָר מיר אין פנים
פאלן
אלע שטורעמס און שלאקסן,
אלע רעגנס און שנייען.

מיר גייען,
און גייענדיק — גרוי איך
אָט קומען מיר אָן:
ס׳שטייט אָפן דאָס טויער
צום לאנד אָן געוויין.
און פלוצים דערזע איך,
ווי נעבן דיר
ווער איך קלענער און קליין.
דיין מעכטיקע האנט
טוט א פיר
איבער שפאנונג פון ווינטן —
מיין שרעק
פאלט אהינטער
אזוי ווי א שטיין.
מיר גייען אריין
אין לאנד אָן געוויין.

אלמא־אטא, 1944.

# א פריילעכס

איך לאַד אײַך אויף אַ חתונה:
מיט באָרוועס־טריט געלאַסענע
אין נאַקעט און אין הוילן —
איך לאַד אײַך אין קיין פּוילן.

די ווייסל רייסט דאָרט קריעה
און אויף אַ בוים — אַ תליה —
אַ קלעזמערל, אַ ראָבל
שאַרפּט אויס דעם שוואַרצן שנאָבל.

עד! אויפגעשפּילט זאָל ווערן
דעם אומגליק און די טרערן!
צו טישן — ברידער־קברים —
זאָל קומען רייך און אָרעם.

קומט אַרײַן די באָבע
מיט דער גרינער שובע,
קומט אַרײַן דער זיידע —
טאַנצן אַלע ביידע.

עד, אויפגעשפּילט זאָל ווערן,
דער טייוול זאָל דערהערן! —
אָט הענגט דער קלעזמער יידל,
יידל מיט זיין פידל.

קומט אַרײַן דער טאַטע,
מיט דער געלער לאַטע;
קומט אַרײַן די מאַמע —
וויינען זיי צוזאַמען.

עד! אויפגעשפּילט זאָל ווערן!
ס׳וועט קיינער איצט נישט שטערן
נישטאָ אַרום דאָ קיינער,
נאָר גריבער פול מיט ביינער.

און אינמיצקע דרינען
קומען אָן די זינען,
קומען אָן די טעכטער
מיט א מין געלעכטער:

— נאראָנים זענט איר אלע —
ווו זענען חתן־כלה?
די כלה און דעם חתן
א דייטש האָט דא צעשאָסן!

עך! אויפגעשפּילט זאָל ווערן,
אז אונדז זאל אלץ געהערן!
דער רוים — א שווארצע חופּה,
און געסט — די מתים־קופּע.

קוקט זיך אום די באָבע:
בלוט־פארפלעקט די שובע
נעמט זי אָן דעם זיידן,
פירט אים אין גן־עדן.

מאָסקווע, 1944.

# דענקמאל

שמעון בר גיורא אויף דעם געטאָ־מויער,
טויזנט יאָר און טויזנט — און ער דויערט!

איבער אלע צייטן, איבער אלע גרוילן
בלייבן וועט נאָך אים א דענקמאָל — פוילן.

אויף די גרויע פעלדער, אויף די ווייטע וועגן,
עמעץ וועט אויף אים זיך ווען דערפרעגן.

טייכן וועלן לויפן, ווינטן וועלן רוישן —
אים בלויז וועט דאָרט קיינער נישט פארטוישן.

נייע דורות וועלן וויסטע שטעט באזעצן,
אים בלויז וועט מען דאָרטן נישט פארגעסן. — — —

אונדזער לייב און לעבן אין דער ערד פאראקערט,
אונדזער בלוט, וואָס האָט אין שלאכט געפלאקערט.

אונדזער גאנג פון מזרח איבער אָוונט־לענדער
און דער פאנאטיזם — נישט געענדערט!

שמעון בר גיורא אויף דעם געטאָ־מויער,
טויזנט יאר און טויזנט — און ער דויערט!

אָן געווער ווי דעמאָלט, צאָרנדיק באליידיקט —
ווערט דורך אים די געטאָ־וואנט פארטיידיקט!

נעמט זשע צו די שטיינער, בויט אויס נייע הייזער,
אפשר וועט ער ווידער זיך באווייזן.

אלע שיינע לידער, אלע אים געהערן —
קיינער וועט זיין אָנדענק נישט צעשטערן.

מאָסקווע, 1944.

# ישראל שטערן

ווען אויסגעגאנגען איז ישראל שטערן,
האט צוגעשלאָסן זיך דער קוואל פון טרערן.

ווען ס'האָט זיין גוף געטאָן דעם לעצטן צאפּל —
האט נאָכאמאל די ערד פארדינט אויף מבול.

נאָר דורך דעם בלוט, וואָס קלאפּט אין מיינס אָן אָדער —
ער ווערט אָן אויפהער ביי דער וועלט געפאָדערט.

זיין גוף אויף דער עקדה פונעם הונגער —
זאָל שעלטן דער, וואָס האָט אמאָל געזונגען.

די שפּראך, וואָס האָט אמאָל געטויגט אויף גראמען,
איז אין זיין פּיין געטונקען, ווי אין פלאמען.

אין וויסטן חלום-וואנדער זע איך איינעם:
דעם דיכטער שטערן אין א זעקל ביינער.

ער ליגט נאָך דאָרט אין געטאָ א פארשמאכטער,
און וועגן לעצטן גאָט-להכעיס טראכט ער.

ווייל אויב ס'איז אמת, אז לית דין ודין,
דארף יעדער שלאָגן זיך מיט זיין כלי-זין.

און ער האָט מער נישט ווי די פלאטפּיס שווערע,
ווי ס'בינטל כתבים פון דעם דיכטער שטערן.

דאָס לעצטע ליד מיט בלוט באדארף מען שרייבן,
נאָר אויב דאָס איז נישטאָ — וועט ער דאָ בלייבן.

און לאָזן זיך פון הפקר-ווינטן שענדן
און וועט מיט זיך די גאנצע ערד פארלענדן.

אָ, זע! ער טיילט זיך אָפּ מיט לעצטן צאפּל —
די ערד פארדינט איצט נאָכאמאָל דעם מבול.

מאָסקווע, 1944.

# אָן יידן

ס׳איז שטיל אין אייראָפּע, די ערד איז צופרידן.
נישטאָ מער קיין שווארצע, פארעקשנטע יידן,
וואָס פירן דעם אומרו ארום איבער לענדער —
נישטאָ מער די בייזע בונטארן און הענדלער.
ס׳איז שטיל אין אייראָפּע, די ערד איז פארשאָטן,
א דייטשישער טאנק איז אדורך און פארטראָטן.
דערנאָך האָט דאָס גראָז זיך געוומען פארדעקן
די שפּורן פון מאָרד און די בלוטיקע פלעקן.
דערנאָך האט א נשרף א בוים זיך באבלעטערט.
אויף אים האָט א פויגל צום הימל געקלעטערט
און ווידער געזוגען זיין נארישן זמר
צוקאָפּנס די קברים פון יידישע קרעמער.

ס׳איז שטיל אין אייראָפּע, די ערד איז א ווייכע
און וויסט, ווי אזוי צו פארמעקן דעם זכר
פון פאָלק, דעם קשי־עורף, וואס האָט זיך געפלאָנטערט,
מיט אייגענער וואָך און מיט אייגענעם יום־טוב,
מיט העזה אין בליק און מיט שארפע גרימאסן —
דאָס פאָלק דאס דערווײלטע פון אלע אויף האסן.
ס׳איז שטיל אין אייראָפּע, דער רוים איז א ריינער,
אין שטעט ליגט דער ברוק מיט געוואשענע שטיינער,
און דאָרט, אין די געטאָס, די ווידערפארבויטע,
געדענקט שוין נישט קיינער די פרעמדע, די טויטע,
וואָס האָבן אמאָל דאָ געוווינט און געפרייט זיך,
און האָבן ביים לעבן צום שטארבן געגרייט זיך.

ס׳איז שטיל אין אייראָפּע, נישטאָ מער קיין יידן.
פון טאנק איז א טראקטאָר געוואָרן אום פרידן,
ער האָט שוין צעאקערט די ערד אויף די קברים,
אין וועלכע א פאָלק ליגט באגראָבן געאָרעמט.
דער האקנקרייץ שטייט אויפן פעלד — א סטראשידלע.
דאָס דייטשישע לשון אויף שרעקן און זידלען

איז לאנג שוין פאַריאָגט פונעם ווינט און פאַרגעסן,
און ס׳ווערן די היימען מיט שלום באַזעסן.
נאָר איינער לויפט אַלץ נאָך אַרום דאָרט דערשיטערט,
ווי אונטער די פיס וואָלט די ערד אים געציטערט,
ווי אונטער די טריט וואָלט דער ברוק זיך געהויבן —
ער זוכט אַלץ זיין פאָלק, און ער קאָן אַלץ נישט גלויבן.

מאָסקווע, 1945.

# אין ווארשעווער געטא איז חודש ניסן

אין ווארשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן, —
אויף כוסות פון באָרשטש און אויף מצות פון קלייען
דערציילט מען אויפסניי די אמאָליקע נסים,
ווי ס'יידישע פאלק איז ארויס פון מצרים.
ווי אלט איז די מעשה, ווי אלט איז דער ניגון,
נאָר איצט, ביי פארהאָנגענע פענצטער דער סדר
גייט אָן, און צעמישט ווערט דער אמת און ליגן,
און שווער איז זייביידע פאנאנדערצושיידן...
כל דכפין ביי פענצטער פארשטעלטע און טירן,
כל דכפין — און ס'שלאָפן פון הונגער די קליינע,
כל דכפין — ביי לײדיקע פסח־געשירן,
כל דכפין — און ס'כליפען די גרייז־גרויע זקנים.

אין ווארשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן,
און עמעץ קאָן טראכטן, אז אָט די געשטאלטן,
וואָס שאָקלען זיך פאָרכטיק דא, זענען אנוסים
וואָס האָבן זיך דאָ פארן דרויסן באהאלטן.
ניין, ס'רעשטל פון פאלק, פון די שישים מאָל ריבוי,
וואָס משה האט דעמאָלט געפירט פון מצרים,
איז איצטער אין געטאָ געוואָרן פארטריבן —
ס'איז שטארבן דערלויבט, נישט פארווערט איז צו שרייען.
פון האָלאנד פון בעלגיע, פון פראנקרייך, פון פוילן —
דאָ זיצן זיי איצטער די לעצטע און וויינען,
דאָ זיצן זיי איצטער, בארויבטע און הוילע —
פון פופציק משפחות געוואָרן איז איינע.

אין ווארשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן,
אָט איז די וואָלינסקע, דער בוידעם דער קרומער.
מיין מאמע האט געסט : צו איר סדר — פון בריסל
די זין מיט די אייניקלעך זענען געקומען...
צו וואָס האט די מאמע א סדר פארגרייט זיי ?
ווער האָט זיך אויף זיי, אומגעריכטע, געראָכטן ?
באגלייט פון „מלאכים” מיט העק און מיט קרייצן —

זיי זענען געקומען אויף ווערן געשאָכטן.
דער טיש איז געדעקט און עס שטייען די כוסות,
געגרייטע פאר איבערגעציילטע נפשות.
נאר ס׳בעטן די אייניקלעך ברויט אויף פראנצויזיש,
און קיינער פון זיי וויל נישט פרעגן די קשיות...

אין ווארשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן.
מיין מאמע טוט אָן אויף איר פּנים דעם שמייכל.
די ליפּן, וואָס זענען פון הונגער פארביסן —
פון יום־טוב זיי ווערן איצט מילדער און ווייכער.
די אויגן ביי איר הייבן ווידער אָן שיינען,
אזוי ווי אמאָל אין פארגאנגענע יארן,
און ס׳שוימען אין זיי אויף די ראָזשינקע־ווייַנען
פון אלטע, פארגעסענע, ווייטע סדרים.
נאָר פלוצים וואקסט אָן אין זיי גרויליקער חידוש,
אין שטוינונג צעשטערעקט זי די הענט אירע פרומע.
אָנשטאָט אָנצוהייבן דעם סדר מיט קידוש —
די זין הייבן אָן שפּוך־חמתך צו ברומען.

אין ווארשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן,
און פול שטייט דער כוס אליהו הנביא׳ס,
נאר ווער האָט דעם סדר דאָ איבערגעריסן?
פון כוס וועט באלד טרינקען דער מלאך המות.
ווי שטענדיק — די דייטשישע שפּראך פון מושטרירן —
ווי שטענדיק — די שפּראך פון באפעלן געניטע —
ווי שטענדיק — זיי זענען געקומען איצט פירן
א טייל פונעם יידישן פאָלק צו דער שחיטה.
נאָר מער וויל דאָס געטאָ נישט הערן דאָס זידלען
פון נאציס, וואָס פירן א פאָלק צו פארלענדונג,
מיט בלוט וועט מען איצטער באשמירן די שטידלען,
מיט בלוט פון די דייטשן, מיט בלוט פון די שענדער.

אין ווארשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן —
פון שכן צו שכן ווערט איבערגעגעבן:

דאָס דייטשישע בלוט זאָל אָן אויפהער זיך גיסן
כל זמן ס׳וועט א ייד אינעם געטאָ נאָך לעבן.
פאַר זיי זאָל אין אויגן נישט זיין קיין הכנעה ;
פאַר זיי זאָל אין אויגן נישט זיין מער קיין טרערן,
נאָר שנאה, עקשנות און ווילדע הנאה
פון שטיין זיי אנטקעגן, פון קענען זיך ווערן !
אָט הער, ווי אין האלבנאכט עס הילכן די שאָסן,
אָט הער, ווי דער טויט יאגט אויף דייטשישע שפורן,
אט הער :
די געשיכטע ווערט איצט אָפּגעשלאָסן
מיט העלדישן אומקום אין ליל־השימורים.

.1944

# שטאַרקער פֿון טויט

און די, וואָס דער שטורעם האָט ווייט־ווו פֿאַרטראָגן,
ציט ווידער צום אָרט, וווּ מען האָט זיי געשלאָגן.

דער כּוח, וואָס שלעפּט זיי צוריק צו די גריבער
איז שטאַרקער פֿון טויט און אַפֿילו — פֿון ליבע.

זיי קומען און טרעפֿן די שטעטלעך פֿאַרמעקטע,
די הימלען — מיט אַש און מיט שׂנאה פֿאַרדעקטע.

מען וויל זיי קיין אָרט אויף דער ערד מער נישט געבן,
מען וויל זיי צוריק נישט פֿאַרשרייבן אין לעבן.

דער בירגער אין שטאָט האָט זיי מורא דערקענען
און פֿרעגט זיך מיט פֿאָרזיכט פֿון וואַנען זיי זענען.

די קינדער אין דאָרף הייבן אויף אַ געפּילדער,
דער הונט אויף דער קייט רייסט אויף זיי זיך אַ ווילדער.

און זיי גייען אום, ווי פֿון אומגליק פֿאַרטויבטע,
און שפּירן נישט מער, אַז זיי זענען בארויבטע.

1945.

# נאך אונדז

נאך אונדז וועלן אייביק פארבלייבן אין פוילן
זכרונות, ווי וואָרצלען פון ביימער וואָס פוילן.

מיר וועלן אין קברים דאָרט לאָזן די זיידעס —
פון אייביקן אומגליק און אומרעכט די עדות.

נאָר מער וועט דער שניידער נישט לאָטן קיין קליידער,
זיין יינגל וועט מער שוין נישט זינגען אין חדר.

ס׳וועט יאַנקלען דעם פּאַכטער פאַרגעסן דער פּויער,
פאַרלירן זיין חן וועט דער פּוילישער טרויער.

פון שוואַרצע און זאַפטיקע פּוילישע פלוימען
וועט מער שוין נישט שמעקן מיט רות און מיט נעמין.

ס׳וועט מער נישט באַגלייטן דעם פּוילישן דעמער
דער יידישער אומעט, דער יידישער זמר.

אום האַרבסט וועלן מער שוין נישט רוישן די ביימער
מיט יידישן פּחד און יידישער אימה.

נאָר איינמאָל, קאָן זיין, אין פאַרנאַכטיקן כשוף,
וועט אויפשטיין צום לעבן אַ יידישער ישוב.

אַ שאָטן פאָרויס, מיט צעפלויגענע פּאָלעס,
וועט ווידער זיי פירן אין פּוילישן גלות.

1945.

## צ ו

מיר זענען געגאנגען אינצווישן די וועכטער
אינצווישן דעם רוצחישן, קאלטן געלעכטער.

און איר האָט מיט גלייכגילט געגאפּעט אויף ראָגן,
און איר האָט מיט גלייכגילט געקוקט, ווי זיי שלאָגן.

די הערצער אין אש און די אויגן — פארלאָשן,
פארגעסן האט איר שוין דאָס מענטשלעכע לשון.

צי האָט פון אייך עמעץ געפּרוווט זיך צעשרייען ?
און ווער האָט איין טראָט כאָטש באגלייט די לוויה ?

געווען, יא, געווען, און נישט איינער, נישט איינער,
וואָס האָט אונדז פון הינטן באוואָרפן מיט שטיינער.

איך קען זייער שווארצע, פארשקלאפּטע נשמה,
וואָס טאנצט ווי א ראָב אום אויף יעדער מלחמה.

פאר געלט איז זי גרייט יעדן גאָט זיך צו טויפן,
מיט מעל און מיט צוקער קאָן יעדער זי קויפן.

דאָס האָבן זיי, זייערע קינדער און ווייבער,
געשלעפּט די מלבושים פון בלוטיקע לייבער.

דאָס האבן זיי, זייערע זין און די טעכטער,
פארדעקט אונדזער אומקום מיט פוסטן געלעכטער.

און שפּעטער געטיילט זיך מיט יידן־ירושה,
דערביי צווישן זיך, זיך צעשלאָגן אָן בושה.

אין יידישן אטלעס און זייד זיך געסטראָיעט
און שכורע חתונה־לידער געוואָיעט.

געלייגט זיך אין יידישע בעטן אויף קינדלען,
די קינדער געוויקלט אין יידישע ווינדלען. —

איך קען אייך, געציילטע, איך קען אייך, די בעסטע,
נאָר איך וועל מיט אייך זייער אומשולדד נישט מעסטן.

ווייל איר האָט אין הויז מיט די מערדער געגעכטיקט,
און איר האָט דעם מאָרד מיט דעם שווייגן בארעכטיקט!

מאָסקווע, 1945.

## טומאה

דער דײַטש האָט נישט אַלץ נאָך באַוויזן פֿאַרלענדן —
וווהין זאָל דער שארית־הפּליטה זיך ווענדן?

זיי דראַפּען זיך אַלץ פֿון די פּוילישע גריבער
און קאָנען דעם ראַנד פֿונעם טויט נישט אַריבער.

זיי לויפֿן אַרום אין אַ קרײַז ווי צעררודערט
און זוכן אַן אָנהאַלט: אַ מאַמע, אַ ברודער.

און פּוילן — די היים — איז אויף שטיקער צעבראָכן,
און ס'קוקט אין אַ זײַט, ווי אַ שונא, דער שכן.

ער וויל נישט, ער קאָן זײַער לעבן נישט שוינען,
ער וויל מער בשכיינות מיט זיי שוין נישט וווינען.

נאָך יעדן פֿון די, וואָס דער דײַטש האָט דערשאָסן,
האָט ער מיט אַ שלאָס דעם צוריקקער פֿאַרשלאָסן.

אין בליק וווינט די שנאה, אין האַרצן — די טומאה,
זײַן שפּראַך איז פֿאַר ווייטיק און ליבשאַפֿט אַ שטומע.

ער לעבט בלויז כּדי דאָס געראַבטע צו היטן,
פֿאַר דעם, וואָס דער טויט האָט נאָך אפֿשר געמיטן...

מאָסקווע, 1945.

# גליק

בלויז מיר איז געגעבן דאָס גליק
פון נאָכאמאָל ווערן א קינד
און שפּירן ווי ס׳הוידעט מיין וויג
דער ווארעמער פּוילישער ווינט.

פונוואנען געשעט אזא נס ?
ווי טרעף איך עס אָן אויף דעם וועג ?
וואָס טוט זיך מיט מיר — איך פארגעס
די וואָג און דעם מספּר פון טעג ?

וואָס זאָגסטו ? די גאס איז נישטאָ ?
נישטאָ מער דער גאָלדענער שטויב ?
דער הימל איז מער שוין נישט בלאָ ?
און שווארץ איז פון רויך דאָרט די שויב ?

קאָן זיין — נאָר איך לעב און געדענק
דעם הויף — אט דעם פּירעק אין רוים,
ווו ס׳איז מיר געווען אזוי ענג
און — ביז דער אומענדלעכקייט — גרוים.

אלמא־אטא, 1944.

# אין דעם שיינעם וואַרשע

אין דעם שיינעם וואַרשע, אויף א באַרג מיט ציגל,
צווישן כלאָם און מושב וואַלגערט זיך מיין וויגל.

און די רעגנס גיסן, און די ווינטן יאָגן,
און פון ווייטע פעלדער — ערד ווערט אָנגעטראָגן.

אין דעם שיינעם וואַרשע, צווישן שטויב און שימל,
וואַקסט אַרויס א וואונדער, בליט א ליכטיק בלימל.

קיינער וויל נישט קומען, קיינער וויל נישט וויסן,
קיינער וועט דאָס בלויע בלימל נישט באַגיסן.

אין דעם שיינעם וואַרשע, צווישן זאַמד און שטיינער,
הייבט זיך אויף מיין מאַמע פון די טויטע ביינער.

זע, די ביינער ווערן שנעל מיט הויט פאַרצויגן,
זע, אין טויטן־שאַרבן שיינען העל די אויגן.

אין דעם שיינעם וואַרשע, אויף דער וויג אַריבער,
בייגט זיך אָן מיין מאַמע און זי שעפּטשעט: „ליבער".

און זי זינגט דאָס ליד,וואָס קיינער וועט נישט הערן,
און זי טרינקט דאָס בלימל אָן מיט אירע טרערן.

מאָסקווע, 1945.

# דאס ליד פונעם פוילישן ייד

אָ, קינד מיינס, האלט פעסטער זיך אָן אין מיין האנט —
מיר דארפן איצט ווידער זיך זוכן א לאנד.

ווי גרויס און ווי שיין ס׳איז די גליקלעכע ערד,
נאָר אונדז בלויז איז דאָרט דאָס געלעכטער פארווערט.

פון מענטש מיט געווער ווערט באוואכט יעדע שטאָט,
און ס׳ניוכעט פון ווייטן דער הונט אונדזער טראָט.

דעם שונא גיט אויס אונדז דאָס גראָז אינעם פעלד
און שטעמפּלט אָפּ יעטוועדן טראָט וואָס מען שטעלט.

עס ווארט אונדז פארטאַיעט ווער אָפּ אינעם וואלד —
אויך דאָרט האט דער שונא א מענטשלעך געשטאלט.

אויף שטיקער געמאָסטן, צעטיילט איז די וועלט,
א מענטש מיט געווער היט זיין שטיק און פארשטעלט. —

וווהין זשע דיך פירן, וווהין מיט דיר גיין ?
אז יעדער פארווײלט זיך מיט אונדזער געוויין.

אז אָט אזא ריח פארמאָגט אונדזער בלוט,
אז נאָר ווען עס גיסט זיך — מען זאָגט, אז ס׳איז גוט.

דער הימל הענגט נידריק, די ערד האָט אונדז פיינט ;
ס׳פאראט אונדז די זון — זי פאראט, ווען זי שיינט.

און ס׳טראָגן די ווינטן ארום אונדזער שטויב,
און ס׳טיילן זיך וואָרעם און מענטש מיט דעם רויב.

דער וואָרעם עסט־אויף בלויז דאָס הארץ און די הויט,
דער מענטש — נעמט צו אלץ, וואָס עס בלייבט נאָכן טויט.

ער ציט אָפּ דאָס קלייד פונעם קאלטן געביין,
און רייסט פונעם מויל אויס די גאָלדענע ציין.

ער טוט אויף זיין אייגענעם גוף אָן דאָס קלייד
און טראָגט עס ארום אויף זיין יום־טוב און פרייד.

די ציין שטעלט ער איבער צו זיך אינעם מויל
און לאכט פאר דער וועלט — צו איר שטוינונג און גרויל.

מאָסקווע, 1945.

# דער רויך

פארלאָשן האָבן זיי די קרעמאטאָריעס
און שנעל דאָס אש פון אויוונס אויסגעקערט.
נאָר ווי א פלעק פון דייטשישער אכזריות —
געבליבן איז א וואָלקן אויף דער ערד.

געבליבן איז דאָרט רויכערן א קוימען,
וואָס שפייט נאָך אלץ מיט טויט פון אָפן מויל.
און אויף אייראָפּעס אומעטיקע רוימען
צום הימל שטייגט נאָך אלץ א שווארצער קנויל.

און ווען דער ווינט קומט־אָן דעם רויך פאַריאָגן —
דאן ווערט דער ווינט פארוואנדלט אין געוויין ;
און ווען עס קומט דער בליץ זיך מיט אים שלאָגן —
טרעט־אָפּ דער בליץ מיט קריצנדיקע ציין.

ווייל דאָס בין איך ! — פון טויטע זעקס מיליאָנען
דער רויך איז ענלעך שטארק אויף מיין געשטאלט.
זיי אלע טראָג איך איצטער אויף מיין פנים,
ווי אלע זיי צוזאמען בין איך אלט.

און אויב איך לעב — דאָס הייסט, אז איך באשולדיק,
אז זייער צאָרן קלינגט היינט אין מיין וואָרט :
איך וויל נישט, אז די ערד זאָל זיין געדולדיק,
באהאלטן אין זיך שווייגנדיק דעם מאָרד.

.1945

# די טענה פון אן אלטן ייד

פאַרוואָס גיסטו אויס אויף מיין קאָפּ גאָר דיין צאָרן
און וואַרפסט מיך אַרום אינעם אייביקן וואָגל ?
געגאַנגען צופיס כ׳בין, אויף שיפן געפאָרן
און אומעטום האַקט אין די אויגן דער האָגל.
פאַרוואָס שיקסטו מיך נאָר אַרום אויף די וועגן,
ווו כ׳דאַרף זיין דער ערשטער און שפּעטער — דער לעצטער,
און קומען צוריק, און נאָך שמייכלען פאַרלעגן
מיט אויגן אין בלוט און אין טרערן פאַרזעצטע ?
און דו האָסט אברהם דעם זיידן געשווירן,
דער זכר נאָך אים זאָל פאַרשניטן נישט ווערן,
און שפּעטער, ווען יעקב די שאָף האָט געשוירן —
געוויזן די קינדער ווי זאַמד און ווי שטערן.
די קינדער, די שטילע, זיי זענען געגאַנגען
צום אייביקן לעבן, ווי דו האָסט געהייסן :
זיי האָבן די פּייל און דאָס מעסער, דאָס לאַנגע
מיט לייכטזין געלאָזן אינגאַנצן פאַר עשיו.
איצט קום איך, מיין גאָט, פונעם אייביקן וואַנדער,
איצט קום איך, א מידער, מיין גאָט, און איך מעלד דיר :
דיין פאָלק איז שוין ווידער געוואָרן פאַרוואַנדלט
אין יעקבס משפּחה אין פּוילישע וועלדער.
איצט קום איך, מיין גאָט, פונעם עמק־הבכא —
פון שפּאַניע, פון האָלאַנד, פון דייטשלאַנד און פּוילן —
איצט קום איך און זאָג דיר, אַז גוט וואָס צעבראָכן
האָט משה די לוחות ! פאַר אָט דעם בית־עולם
מען דאַרף קיין געזעץ נישט, מען דאַרף נישט קיין נביא,
מען דאַרף נישט אפילו דו זאָלסט זיך דערבאַרמען. —
געננוג איז שוין איצטער דער כותל מערבי,
וואָס ווערט אָפּגעהיטן פון ענגלאַנדס זשאַנדאַרמען.

מאָסקווע, 1945.

# יידיש, מיין טייערע שפּראַך

אַזוי־אַ געזאָלט האָט דאָס זיין:
אויב ס׳איז נאָך געבליבן א ייד,
זאָל ער מיט א טאנץ און א ליד
פארבלוטיקט אין אומקום אריין.

אַזוי האָט א דייטש דאָס פארקלערט:
מען פירט אים צום טויט אָן א קלייד,
א נאַקעטער, זינגט ער און גייט,
און האלדזט זיך ארום מיט דער ערד.

אוי, יידיש — מיין טייערע שפּראַך!
איך האָב דיך ביי דייטשלאנד גערויבט,
אויף פּוילישע שליאכן פארשטויבט —
ביסט לעבן געבליבן, ביסט וואך!

מיט דיר הייב איך ווידער איצט אָן:
איך לערן זיך זינגען אויפסניי.
צוזאמען מיט מיר ווערסטו פריי
פון שוידער, פון שרעק, פון זשארגאָן...

ניין, ניין, ס׳איז נאָך וויט צו א סוף —
דו האָסט איצט אַזוי פיל די ווערט,
ווי ס׳אַש אויף דער פּוילישער ערד —
מיין פאָלק אין זיין אייביקן שלאָף.

איך טראָג דיך אצינד אין מיין מויל,
דו לעבסט און דאָס בלוט דיינס נאָך בריט.
ס׳וועט סטייען גענוג פאר מיין ליד —
גענוג פאר שגעון און גרויל.

איך טראָג דיך ארויס אין דער וועלט
און נעם אָפּ פאר דיר דאָרט אָן אָרט.
דערציילן וועסטו וועגן מארד
מיט יידישע צייכנס צעשטעלט.

# מיין מאמע

מיין מאמע קומט אלץ נאך צו חלום און רעדט:
פאר וואָס פאר א חטא? אָ, פאר וואָס פאר א חטא?

צי האָב איך צו ווייניק געשלעפּט נאָך דעם עול,
צי האָב איך דעם צופיל באקלאָגט זיך אמאָל,
ווען כ׳האָב די מאכלים אויף פּאָסנע געקאָכט,
מיט צרות און אנגסטן דערצויגן די וואָך.
ווען ס׳האָט נישט אום פרייטיק געסטייעט אויף פיש,
ווען ס׳האָט נישט אויף שבת געסטייעט צום טיש:
קיין אורח, קיין ווין און — קיין ברויט צו דער זעט —
פאר וואָס פאר א חטא?

צי האָב איך דאָס איינציקע ויידענע קלייד
וואָס כלהוויז האָט מען פאר מיר נאָך גענייט,
נאָך ווייניק געהיטן און ווייניק געשוינט,
אז ס׳זאָל פון קיין שטויבן נישט ווערן פארברוינט,
און ס׳זאָל אויף קיין שמחה נישט ווערן פארפלעקט —
בכדי איך זאל מעגן דערמיט זיין פארדעקט
אום שבת, ווען גאָט האָט געהערט מיין געבעט —
פאר וואָס פאר א חטא?

צי האָב איך נישט אָפט מיט דעם אביון געטיילט
דעם מאגערן גראָשן — צום טאָג צוגעציילט.
געשמאקער געווען איז מיר דעמאָלט דאָס ברויט,
ווען ס׳האָט אויך דעם צווייטן געלינדערט די נויט.
איך האָב נישט געהאלטן מיין טיר אויפן שלאָס,
עס איז נישט געווען צוליב וואָס און פארוואָס:
א שטוב אָן עשירות, א בעט אויף א בעט —
פאר וואָס פאר א חטא?

געטראָפן האט אויך, אז א קינד האט געפעלט,
א צווייטן גענומען פון מיר האָט די וועלט,
א דריטער איז בייז און פארעקשנט אוועק
און האָט מיך פארטוישט אויף געפאר און אויף שרעק.

און איך האָב געענטפערט, ווי ס׳ענטפערט א פרוי,
ווי ס׳ענטפערט א מאמע: די האָר ווערן גרוי,
און איך האָב געגלייבט: ס׳איז נאָך אלץ נישט צו שפעט —
פאר וואָס פאר א חטא?

די איינזאמקייט מיינע אין שלאָפלאזע נעכט,
דערפאר, וואָס די קינדער פארשטייען מיך שלעכט,
דערפאר, וואָס אויך איך קאָן זיי גוט נישט פארשטיין,
דערפאר ווייל אין נויט מוז מען בלייבן אליין,
דערפאר, וואָס אין זיי לויפט דאָס אייגענע בלוט,
איז ווי קאָן עס זיין, אז זיי טוען נישט גוט,
און לויפן פון מיר אין די רוישיקע שטעט...
פאר וואָס פאר א חטא?

צי האָב איך פארדינט אזא פינצטערע שטראָף,
צי האָב איך פארדינט אזא סוף אָן א סוף?
מיין קינד זאָל נישט טרעפן שוין מער מיין געביין,
מיך זאָל אויף דער ערד נישט פארדעקן קיין שטיין,
נאר וואָגלען זאָל איך אינעם אש און אין שטויב
און זיין פאר די הפקרע ווינטן צו רויב,
אז שטארבן זאָל איך נישט אין אייגענעם בעט —
פאר וואָס פאר א חטא? אָ, פאר וואָס פאר א חטא?

מאָסקווע, 1945.

# טרייסט

און יעדער גוטער פריינט זיך מיט,
און יעדער ברענגט מיר טרייסט צום ליד.

און איינער זאָגט: דער סאָסנע־בוים,
וואס שטארצט פאר דיר אין בלויען רוים,
זיין היימיש שטיקל ערד פארנעמט
און ערגעץ אנדערש איז ער פרעמד.

א צווייטער זאגט, אז אויך דער ווינט
צו צייט קומט אָן, צו צייט — פארשווינדט.
און יעדן מענטש, און יעדן פאָלק
פארבייט מפלה דעם דערפאָלג.

מען זאגט: דער מערדער נאך זיין מאָרד
מוז בענקען צום פארברעכן־ארט,
און ווערן שטויב, און ווערן ערד
איז סוף כל סוף אים אויך באשערט.

נאר ווער זשע, ווער זשע, ווער זשע ווייסט,
אז נישט פאר מיר איז דאָס א טרייסט?

פארגאנגענהייט — אין טיפער נאכט.
איך הער די סאָווע בלויז וואָס לאכט:
— איך האָב דיך קיינמאָל נישט געזען,
דו ביסט אינגאנצן נישט געווען!
דיין טויטער טאטע זוכט זיין רו,
נאָר איך וועל אים נישט ווייזן — ווו.
א דייטשקע טראָגט דיין שוועסטערס קלייד,
א פּאָליאַק טראָגט דיין ברודערס פרייד.
און אין דיין מאמעס שבת־שאנק
איצט שטייט א חזריש געשטאנק,
פון זייער פלייש, פון זייער הויט
דערנערט אויף פעלדער זיך דאָס ברויט,

און יעדער בוים, וואָס גרינט און בליט —
פון זייער בלוט יניקה ציט.
די פרוכט איז וווּנדערלעך אין טעם —
געמיסטיקט האָט מען מיט דיין שטאַם.

דערפאַר בעט איך: הערט אויף, נישט טרייסט!
וואָס ס׳פעלט צום גליק — ווער ווייסט, ווער ווייסט?

מאָסקווע, 1945.

# אמאל איז געווען

כ׳האָב שפּעטער געזען שוין, ווי ביאַליסטאָק ברענט,
נאָר חלומען חלומט זיך ווארשע אין פייער,
און איך שטיי א שטומער, מיט הילפלאָזע הענט,
און ס׳דינט נישט די שטים, ווען איך וויל זיך צעשרייען.

וואָלט אלץ ביזן סוף שוין געבליבן אזוי,
וואָלט אלץ ביזן סוף שוין געוועזן ווי אין חלום,
אז ס׳גייט אויף די ווארשעווער גאסן א פרוי —
מיין מאמע, וואָס ווארט אויף איר זון און אויף שלום.

ניין, ניין — פונעם חלום איז בייזער די וואָר,
די גרעסטע געפאר איז איר בלאס, איז איר ווייניק.
זי שרייט, אז כ׳וועל קיינמאָל נישט ווערן געוואר,
ווו ס׳וואלגערן אום זיך די טויטע געביינען.

זי שרייט, ווארף די רייד דיינע, ווארף זיי אוועק,
דיר קען מער נישט העלפן דיין שפּראך די געניטע.
וועסט קיינמאל נישט שפּירן קיין שפור פון דער שרעק
פון די, וואָס מען האָט דאָרט געפירט צו דער שחיטה.

וועסט קומען אהין — ווען וועסטו דאָרט זען?
ביי וועמען וועסטו אויף די נאָענטע פרעגן? —
הייב אָן פונעם אָנהייב: אמאל איז געווען,
אמאָל ביסטו דאָ אין א וויגל געלעגן...

# איך לעב

איך לעב, און דאָס הייסט: איך פארגעס,
און זיס איז דאָס ברויט, וואָס איך עס,
דאס וואסער איז ווידער געשמאק,
אויף האקן דאָס האָלץ איז די האק.

מיט שטילקייט איז ווידער מיר גוט,
און מיינס — איז שוין ווידער מיין בלוט.
מיין גוף ווארט שוין ווידער אויף גליק
און נישט אויף א דייטשישער שטריק.

מיין מיידל, רוק נענטער זיך צו!
איך ווייס, ביסט נישט אויסן מיין רו...
און דאָך העלפסטו גיין מיר אוועק,
א שפאַן פון דער נעכטיקער שרעק.

דער בלוי פון דיין אויג איז דאָך ריין,
און איך וויל דאָ גאָרנישט פארשטיין.
פאר מיר איז גענוג בלויז דער נס —
איך לעב, און דאָס הייסט: איך פארגעס.

מאָסקווע, 1945.

# געדענק נאָר

גאָלדען

געדענק נאָר דאָס שטיבל פון דלת על דלת:
מיר האָבן געלעבט דאָרט אינדרייען צוזאמען —
מיר האָבן אין ענגשאפט געטיילט זיך מיט אלעם,
מיר ביידע, דיין אלטע פארוואָגלטע מאמע.

א שטיבל א קליינס זאָל אזויפיל פארנעמען:
סיי חושך, סיי קעלט און סיי שטענדיקן הונגער;
א שטיבל אזא זאָל נישט קאָנען פארשעמען
די ליבשאפט, די לידער, וואָס איך האב געזונגען...

מיר האבן געדארפט נאך אן אָרט פאר א פערטן,
מיר האבן געדארפט נאך אן אָרט פאר א וויגל.
אז ס׳זאָל דאָס געוויין פון א קינד זיך א הער טאָן,
חוץ ברויט זאָל מען דארפן נאָך מילך אינעם קריגל.

געדענק נאָר דאָס שטיבל פון דלת על דלת,
געדענק נאָר דעם ווינטער פון יאָר צוויי און פערציק:
מיר האבן אין פירן, מיר האָבן דארט אלע
אנטקעגן דעם שונא, דעם אומקום געווערט זיך.

דיין מאמע איז טאָפל געוואָרן געהאָרבעט,
ווען זי איז מיט מזל געוואָרן א באבע:
פון הינטן די זיקנה, פון פאָרנט — די טאָרבע,
ביז וואנען מען האָט זי אום ווינטער באגראָבן.

דאָס קינד האָט אלץ העכער און העכער געשריגן,
פארנומען דאָס ליידיקע אָרט מיט זיין שרייען,
און וויינענדיק האָסטו געזונגען ביים וויגן,
און מיר זענען ווידער געבליבן אינדרייען.

# אזוי גייען יידן צוריק אין אייראָפּע

פּאָרויס גייט דער עמוד־האש פון צעשטערן,
און הינטן — פון חורבן דער עמוד־הענן.
אויף יעטוועדן אָפּשטעל — מגפה, פארצערונג,
און יעטוועדער טראָט פּרוווט דעם מדבר דערמאָנען.

פארמעקט זענען שטעט און נישטאָ קיין בית־עלמין
אפילו, ווו שטעלן זיך שרייען און קלאָגן.
בלויז איינער א בוים איז געבליבן אן אלמן —
אויף ער שטייט אין היץ פון דער שרפה פארטראָגן.

אזוי גייען יידן צוריק אין אייראָפּע.

די טייכן מיט שליימיקן אייטער פארצויגן,
דערשפּירן — און הייבן אן ווידער צו זידן:
ס׳גייט ווידער דאָס פאָלק מיט פארבלוטיקטע אויגן
און זוכט אלץ די היים ווו מען טיליקט די יידן.

דאָס גראָז איז פארזענקט און דאָס ברויט וויל נישט ווערן.
פּאָרויס אויף יאָרהונדערטער האט שוין דאָס פייער
פארשלונגען דעם טוי פונעם הימל, די טרערן,
וואָס פלעגן די שפּע פאר פעלדער געדייען.

אזוי גייען יידן צוריק אין אייראָפּע,

די צייט האט פארגעסן די ציילונג אויף דורות,
דער טויט האט געהיפּט פונעם איניק צום זיידן.
ווי ליידיק, ווי שטיל, אז דער ווינט האט אויך מורא
און האָט נישט מיט וועמען זיך איבערצוריידן.

נעם אויף זיי, אייראָפּע, מיט וואונדער־פארערונג !
א פאָלק גייט פון מדבר א היים פאר זיך מאָנען.
פּאָרויס זיי — דער עמוד־האש פון זיך ווערן,
און הינטן — פון חורבן דער עמוד־הענן.

# אויף פוילישע פעלדער

אויף פוילישע פעלדער — צעוואָרפענע ביינער,
אויף אלטע בית־עלמינס — פארלאָזענע שטיינער —
ווער דארף זיי איצט האָבן ?

די טויטע, אזוי ווי מען האט זיי געלאָזן —
זיי ליגן און ווערן פארוואקסן מיט גראָזן —
ווער וועט זיי באגראָבן ?

אזוי ווי מען האט זיי צעשאָסן צוזאמען,
עס קלאמערט זיך אלץ נאָך דאס קינד צו דער מאמען —
ווער וועט זיך צעשרייען ?

אזוי ווי מען האט זיי אין געטאָ פארשאָטן —
זיי ליגן אין זאמד און אין ציגל פארקנאָטן —
ווער וועט זיי באפרייען ?

אין דערפער און שטעט שטעלט זיך איין שוין דער שלום.
זיי זינגען שוין לידער און קאָכן מאכלים
און לאכן ביים עסן.

און מיינען, אז טויטע קאָן קיינער נישט וועקן,
אז אלץ, וואָס מען קאָן מיט דער ערד נאָר פארדעקן,
מוז ווערן פארגעסן.

מאָסקווע, 1946.

## טו א נדר

איך בעט דיך, מיידל, טו א נדר
און פוץ זיך נישט אין שיינע קליידער,
ווייל פונקט אזא ווי דו, מיין שיינע,
איז שוין געווען ביי איינעם — איינע.

אזא ווי דו, מיט מילדן שמייכל,
אזא ווי דו, מיט הארץ און שכל
געווען פון אלע איז געטרייער
און גרייט צו גיין פאר אים אין פייער.

נאָר אין א פרילינג־טאג, א קלאָרן,
אין געטאָ איז א דייטש פארפאָרן,
דאָס קלייד פון איר אראָפּגעצויגן,
פארברענט מיט בושה אירע אויגן.

די האָר פון קאָפּ איר אָפּגעשניטן
אויף שפּעק און בראָנפן אויסגעביטן,
איר גוף אין פעטן אש פארוואנדלט,
דאָס אש — אויף מיסטיקונג פארהאנדלט.

דאָס קלייד פארקויפט מען אויף יארידן.
דער סוחר רימט: עס שטאמט פון יידן.
א סימן — אז דער שטאף איז איידל
און ציכטיק — ווי א יידיש מיידל.

## מיט שוים אויף די ליפּן

מיט שוים אויף די ליפּן, מיט בלוט אין די אויגן —
איך ווייס, אַזאַ ליד קאָן צום זינגען נישט טויגן,
איך ווייס, אַזאַ ליד קאָן נישט ווערן געפעלן,
נאָר איך וועל דעם שקר מיט רייד נישט פאַרשטעלן.
דער מערדער איז אַלץ אויף דער ערד נאָך פאַראַנען,
ער פרעסט, און ער זויפט, און ער איז נאָך מזנה.
ער גייט אין געדראַנג מיט די יום־טוב־המונים
באַהאַלט זיך אויף רוישיקע מערק צווישן קונים,
און דאָרט ווו מען שרייט — שרייט ער לויב דעם נצחון,
און דאָרט ווו מען שווייגט — איז ער נכנע, צעבראָכן.
אין יובל — זיין שטימע די ערשטע ווּעסט הערן,
אין אומגליק — ער שעמט זיך נישט ווייזן די טרערן.

און אַלע, וואָס האָבן געצוג שוין די שרעקן —
זיי העלפן אים צו און זיי פּרוּוון פאַרדעקן.
איך ווייס, אַז די שנאה איז זיי שוין דערעסן,
זיי ווילן דעם מאָרד און דעם מערדער פאַרגעסן,
און גרייט זענען זיי אים אין זיך צו פאַרמישן,
צוזאַמען זיך זעצן ביי חתונה־טישן,
און ווינען מיט אים אונטער איין דאַך אין איינעם,
און טיילן מיט אים אַ געלעגער, אַ ריינעם,
און שניידן דאָס אייגענע ברויט מיט זיין מעסער,
און היטן זיין רויב מיט די אייגענע שלעסער.

איך ווייס עס, איך ווייס עס, די שוואכקייט פארשטיי איך.
נאר וואָס זאל איך טאן, אז מיר גייט נאָך זיין ריח,
איך פיל אים דאָ נאָענט, ער גייט דאָ דערנעבן,
ער טיילט זיך מיט מיר — מיט דער לופט, מיט דעם לעבן,
נאָר איך קאָן מיט אים אויף דער ערד דאָ נישט וווינען,
איך קאָן אים נישט טרויען, איך קאָן אים נישט שוינען.
דער מערדער איז אלץ אויף דער ערד נאָך פאראנען:
דאָס גראָז, וואָס דערזעט אים, זאָל אנהייבן וויאנען,
די פרוכט פאר זיין אָטעם זאל אָנהייבן פוילן,
דער פויגל אין פלי — אין זיין בליק זאָל פארקוילן,
אויף אים זאל מען קוקן דורך יידישע אויגן —
פאר אים זאָלן לידער צום זינגען נישט טויגן.

## מאמע, מאמע, מאמע מיין

פארגיב מיר אלע קרומע גענג,
לייג דיין קאָפּ, לייג דיין קאָפּ.
דאָס וויג־ליד דיינס, וואָס איך געדענק,
גיב איך דיר אין בלוט איצט אָפּ.

דיין זון איז ווידער ווי א קינד —
גאנץ אליין, גאנץ אליין.
ער וואקלט זיך אין לייכטן ווינט,
דארפסט אים ווידער לערנען גיין.

פארגעסן האט ער דעם דערפאָלג —
ווייטער רויש, וויט פאררוישט.
ער וואלט דיך איצטער שוין געפאָלגט
און אויף קיינעם איינגעטוישט.

ער וואָלט אין זייד דיך אנגעטאָן —
האָב און גוטס, האָב און גוטס.
ער וואָלט געזעצט דיך אויבנאָן —
שיינענדיק און אויסגעפּוצט.

און קיינמאָל נישט געלאָזן מער
איין און איין, איין און איין.
און וואָלט פון גאס גערופן ווער,
וואָלט ער קורץ געענטפערט: ניין.

און איצטער זוכט ער דיך אַרום
טאָג און נאכט, טאָג און נאכט.
נאר ווו ער גייט און ווו ער קומט —
שטייט ווער קעגן אים און לאכט.

ער טראָגט ארום א טרערן־קנויל
טיף אין האלדז, טיף אין האלדז.
לפנים וועגן, אויף זיין מויל —
בלאס דער שמייכל שפּילט נאָך אלץ. —

מאמע, מאמע, מאמע מיין,

פארגיב מיר אלע קרומע גענג,
לייג דיין קאָפּ, לייג דיין קאָפּ.
דאָס וויג־ליד דיינס, וואָס איך געדענק,
גיב איך דיר אין בלוט איצט אָפּ.

מאָסקווע, 1946.

# ליד וועגן גליק

פידלער שוין גענוג געשוויגן!
שנייד די שטילקייט מיט דיין סמיק.
אָט אזוי הייב אָן דעם ניגון
וועגן שווערן וועג צום גליק.

ווייל א מנהג איז פאראנען,
אז ביי יידן אויף א פרייד
זאָל דאס פידעלע דערמאנען
וועגן טרויער וואָס פארגייט.

כישוף ווידער אויס די לאנדשאפט
ווו איך בין געווען א קינד.
ווו איך האב געשלאָסן קאנטשאפט
מיט דעם טרויער און דעם ווינט.

שטעל פון חורבות אויף דאָס געטאָ
און פון שטויב שטעל אויף מיין הויז,
ווו איך בין פון קינדער־בעטל
אויף דער גרויסער ערד ארויס.

ווייטע, ווייסע, בלויע טויבן,
עפנט אויף דעם פליגל־פאָך,
ווי איר פלעגט צו יענע שויבן
ברענגען פרייד אין גרויער וואָך.

ווי זשע פאסן זיך דען פליגל
צו מיין היים אין פיין און נויט? —
דאך פון זיי ציט זיך דער ניגון
אין מיין ליד פון בונט און ברויט.

פידלער, שוין גענוג געשוויגן —
דיינע פינגער פעסטער דריק.
אָט אזוי שפּיל איצט דעם ניגון
וועגן שווערן וועג צום גליק.

היפּער איבער צענדליק יאָרן,
פיר מיך ווידער אין דער שטאָט
וווּ מיין יוגנט האט געשוואָרן,
וווּ עס האָט מיין פויסט געדראָט.

וווּ איך בין אמאל געגאנגען
מיט א פּאָלק אנטקעגן בליי
און פון הונדערטער גראנגלען
אויפגעהויבן זיך אויפסניי.

נישט די זון בלויז, נישט די שטערן —
אלץ וואָס איז געווען פארווערט,
אלץ האָט מיר געדארפט געהערן
ווי דעם בירגער פון דער ערד.

נאָר פאר מיר איז אלץ געשטאנען
עמעץ מיט זיין בלינדן האס,
בלויז כדי מיך צו דערמאָנען,
אז מיין ערד איז דזשיקע־גאס.

פידלער, שוין גענוג געשוויגן —
איצט די סטרונעס פעסטער דריק.
און אזוי שפּיל איצט דעם ניגון
וועגן שווערן וועג צום גליק.

יאָרן זענען אָפּגעפלאָסן
נאָר מיין הארץ איז אלץ נאָך יונג.
כאָטש נישטאָ שוין די פארדראָסן
און אַן אנדער ליד איך זינג.

נאָר עס לעבט נאָך אלץ דער גלויבן
אָפּגעציטערט, אָפּגעהיט.
און אין זומער־פלי פון טויבן
זענען שורות אָנגעגליט.

טויבן, ווייטע, ווייסע, בלויע —
ווו אהין זענט איר אוועק?
צי האָט אייך פארדעקט א מויער,
צי האָט אייך פאריאָגט די שרעק?

קומט אהערצו, קומט, איך בעט אייך
און דערציילט מיר גאנץ גענוי,
ווי אזוי עס גייט אין געטאָ
צו דעם טויט אן אלטע פרוי.

וואָס, איר פרעגט ביי מיר דעם נאָמען
און א סימן ווילט איר אויך?
זוכט אין פייער פון מלחמה —
זוכט מיין מאמע אינעם רויך.

זוכט נישט, זוכט נישט, ווייל דאָס פייער
פון איר גוף לעבט נאָך און ברענט,
און אין אלע ווינטן פרייע —
גייט זי מיט צעשטרעקטע הענט.

פידלער, שוין גענוג געשוויגן —
קוק זיך מער נישט אום צוריק!
אָט אזוי שפיל איצט דעם ניגון
וועגן שווערן וועג צום גליק.

אויב געבליבן איז א זכר,
כאָטש א צווייגל פון א בוים —
זאָל עס ווידער פרווון גרייכן
פון דעם גרונט ביז בלויען רוים.

כ׳האָב פארפלאנצט זיך אין דעם באָדן
און עס שלאָגט שוין אָן דער זאפט.
און מיט פרוכטבארקייט געלאָדן
ריזלט אין מיין גוף די קראפט.

זע, איך שטיי שוין לעבן שטאמען
און א צווייגל־גרין — מיין קינד.
איר געשטאלט דערמאָנט מיין מאמען,
וואָס לעבט אלץ נאָך אינעם ווינט.

און דער רעגן גיסט אָן ווידער
און באפעלט מיך: לעב און בלי!
און עס שמעקט אין מיינע לידער
מיט דעם פריען אינדערפרי.

פידלער־שפילער אויף דעם פידל —
צי ביז שטילקייט אויס דעם סמיק.
ענדיק אָט אזוי דעם ניגון
וועגן שווערן וועג צום גליק.

ווייל א מנהג איז פאראנען,
אַז ביי יידן אויף א פרייד
זאָל דאָס פידעלע דערמאַנען
וועגן טרויער, וואָס פארגייט.

# וואַרט־צו

וואַרט־צו, איך רוק איצטער
אוועק פון די ליפּן א שטיין.
וואַרט־צו, און א שפּריץ־טאָן
וועט זיכער מיט בלוט פון די ציין!
מיין מויל האָט געשוויגן
און, דאכט זיך, מיין צונג האָט גערוט.
נאָר וויים, אז געשטיגן
ביי שטילקייט, אין מיר האָט דאָס בלוט.

א ליבע פארלאָזט מען,
און ס׳טרעפט — אויף די היימישע ערד.
נאָר טייער וועט קאָסטן,
אויב לויפן פון ליד זיינס וועט ווער...

און לייכטער צו ריידן
וועט זיין מיר מסתמא אצינד:
מיך וועט מער נישט שיידן
מיט פאָלק — די שפּראך פונעם ווינט.
דאָס קראקען פון קראָען
געוועזן איז ביי אים אין געמיט,
די שפּראך פון שיגעון —
דאָס לשון פאר יעדערן ייד.

כ׳געגען און — אָן מורא,
אז ס׳זאָל אין דער שכיינות פון טויט,
ווי סם, מרה־שחורה,
א פלייץ־טאָן, פארברענען מיין הויט.
ווייל כ׳בין צו דער תליה
געגאנגען, און זען כ׳בין געוווינט
די פעטליע פארציען,
און שרעקלעך! — גאָר ווערן געשווינט...

# נישט פון קיין ווייטער נסיעה

איך קום נישט אצינד פון קיין ווייטער נסיעה —
אָ, חורבות פון מיינע פארגאנגענע יאָרן!
איך בין נישט געקומען אויף רייסן איצט קריעה
און נישט אויף פאנאנדערצוברענען מיין צאָרן.
איך קום פון מיין לאנד — פון דעם אייביקן גלויבן,
אז בלוט קאָן אין פייער נישט ווערן פארניכטעט;
אז אויך יעדער אומגליק קאָן ווערן דערהויבן
צו העלדישן טאט און נישט בלויז — צו געשיכטע.

געזען האָב איך דאָרט, ווי א פאָלק האט געהונגערט
און האָט זיך דעם אומקום נישט אונטערגעגעבן;
געהערט האָב איך דארט, ווי די ערד האט געזונגען
א שפאן פונעם טויט — מיט די לידער פון לעבן.
אפילו ביים ראנד פון דעם לעצטן נסיון,
געטריבן פון קלעפ און פון שונאס געשרייען —
געגאנגען דער מענטש איז, געגאנגען איז זאָיע
מיט באָרוועסע פיס איבער רוסישע שנייען.

און דאָרטן בין איך אויך ארויס פון דעם שאָטן,
געשטעלט זיך אינמיטן דער וועלט און געזונגען.
און אָרט איז געווען און געסטייעט האָט אָטעם
אויף ווידער באנייען דאָס בלוט אין די לונגען.

און דאָך האט מיך אויך נישט געמיטן דאס מינדסטע
דערפון, וואס אויף פוילישער ערד האָט געטראָפן:
דער קנויל פונעם אומקום געגאנגען איז פינצטער
מיט אלע ענויים און גרויזאמע שטראָפן.
און איך האב פאר ווייט־זיין געמוזט אויך באצאָלן:
נישט איינמאָל בין איך איבער גאסן פון ווארשע
געגאנגען מיט פיס פונעם הונגער געשוואָלן,
געגאנגען צום „אומשלאג" די אייביקע מארשן;
נישט איינמאָל בין איך, מיט פארוואסערטע אויגן,
פארלאָשענע לאנג שוין פון שטילן שגעון,

געלעגן אין ווינקל, אין דרייען געבויגן —
ביז וואנען דער טויט האָט שוין אויפגעהערט דראָען . . .
איך האב די יסורים באהבה גענומען —
איך האָב דאך געמוזט פאר דעם ווייט־זיין באצאָלן —
איך בין אויף דער וואָר זיי אנטקעגנגעקומען,
און אָפן געלאָזן פאר זיי כ׳האב מיין חלום.

אצינד קום איך אָן — נישט געציילט נאָך די שעהן,
און פונקט, ווי איך וואָלט אָט די שטאָט נישט פאַרלאָזן —
אין יעדער צעבראָכענער ציגל מיר נאָענט,
און היימיש — די ווילדע, צעוואקסענע גראָזן.
עס הייבן זיך אָן צו באוועגן די שטיינער,
פארלאָשענע בערג הייבן ווידער אָן טליען,
און איבער דעם אלעם — דער לעצטער, איך איינער . . .
איך קום נישט אצינד פון קיין ווייטער נסיעה.

חארשע, 1948.

## חבר מיינער, קום שפּאַצירן...

חבר מיינער, קום שפּאַצירן,
ווייסט ווּהין איך וועל דיך פירן ?

כ׳האָב געהאַט אַ סך אַדרעסן —
איינעם בלויז כ׳האָב נישט פאַרגעסן.

אויף די ווייטסטע וואַנדער־וועגן
פלעג איך יעדן איינעם פרעגן :

חבר מיינער, זאָג מיר, חבר,
זאָג מיר, ווּ עס איז די פּאַוויע ?

איינער האָט געפּרוּווט פאַרשווייגן,
און אַ צווייטער — שטיל פאַרבייגיין.

און אַ דריטער — מיט באַדויער —
האָט געוואָלט דערגיין גענויער :

וואָסער טויער, וואָסער נומער ?
וועלכע פּאַווע, וועלכער זומער ?

חבר מיינער, קום שפּאַצירן,
ווייסט ווּהין איך וועל דיך פירן ?

דאָרט ווּ ס׳איז מיין הויז געשטאַנען,
אויב דאָס הויז איז נישט פאַראַנען,

וועל איך זוכן כאָטש אַ ציגל,
כאָטש דאָס סאַמע לעצטע שטיגל,

ווּ עס איז אַ קינד געזעסן. —
כ׳האָב געהאַט אַ סך אַדרעסן. — — —

חבר מיינער, זאָג מיר, חבר,
זאָג מיר, ווּ עס איז די פּאַוויע ?

**וואַרשע, 1950.**

## א קורצער וועג

דעם קורצן וועג וועט קיינער נישט פארמעקן —
אהער קום איך צוריק פון אלע עקן.

דאס איז די גאס, וואָס פלעגט אמאל מיך פירן
צום ענגן חדר — פון דער ענגער דירה.

אויף אָט דעם וועג פלעגט אָפט אזוי זיך מאכן,
די ווינטן זאָלן חוזקן און לאכן.

געהעצט און פון גערויש ארומגערינגלט
געלאָפן שנעל אין חדר איז א יינגל. — — —

פון אלע וועגן — ליכטיקע און קרומע —
בין איך צו אָט דעם וועג צוריקגעקומען.

נאר נעבן הויז, ווו ס׳איז געווען דאָס חדר,
שטייט איצט א גרויסע נייע שול־געביידע.

און דורך דער גאס, וואָס איך האב אויסגעטראָטן
לויפט ווידער יעדן טאָג א קינדער־שאָטן.

דאָס גייט מיין קינד אין שול און איר פון הינטן
עס לויפן נאך די שטיפערישע ווינטן.

עס שלינגט זי איין א הויז מיט ווייסע שויבן,
צו זון און צו די הימלען אויפגעהויבן.

צו אָט דעם וועג בין איך צוריקגעקומען
פון אלע וועגן — ליכטיקע און קרומע.

נאָר ווי איך בין אמאָל אויף אים געגאנגען,
און ווי אזוי ער פלאָנטערט די געזאנגען —

ווער ווייסט, צי דארף איך דאָס מיין קינד דערציילן?
די וואונדן מיינע כ׳דארף אליין פארהיילן.

וואַרשע, 1949.

# דאָס גרינע איז גוט צו די אויגן

דאָס גרינע איז גוט צו די אויגן,
דאָס בלאָע — צום שטילן געמיט.
א העלפט פון מיין גליק איז פארפלויגן,
די אנדערע העלפט — ערשט פארפליט.

אוממעגלעך איז איבערצוציילן
די גראָזן וואָס וואקסן אין פעלד;
צו וואָס זאָל איך ווידער דערציילן
דאָס אלץ, וואָס מיך ארט און מיך קוועלט?

אין הימלען די ליכטיקע, קלאָרע
דערזע איך א פוכיקן שוים —
פון ווייטע, פארגאנגענע יאָרן
דערמאָנט מיך דאָס וואָלקנדל קוים:

א נאָמען, וואָס איז מיר געבליבן,
א שטימע, וואָס רופט מיך פון דאָרט —
דאָס אלץ, וואָס דער ווינט האט פארטריבן
און לעבט בלויז אין אייביקן וואָרט...

איך גיי דורך די זעלביקע טירן
און קום נישט אינערגעץ אריין —
מיין אומגליק, ווו ווילסטו מיך פירן
אין אט דער נישט־דאָיקער שיין?

צום הויז וואָס איז בלויז ווי א צייכן
פון זכר לחורבן — א שטיין ?
אהין וווּ עס קאָן בלויז דערגרייכן
דער ניגון פון שטילן געוויין ? —

איך וויל פאַר דעם לעבן נאָך טויגן,
און גוט וויל איך זיין פאר דעם ליד ! —
א העלפט פון מיין גליק איז פארפלויגן,
די אנדערע העלפט — ערשט פארפליט.

חארשע, 1950.

## ביים ראָג פון זאַמבקאָווסקע־טארגאווע

אויב דו ווערסט מיך טרעפן אמאָל, אין פארנאכט,
אין פּראגע, ביים ראָג פון זאַמבקאָווסקע־טארגאָווע —
זיי וויסן, אז דאס איז א ווייטער פארדאכט,
נישט מער, ווי אן אָפּשיין פון דיינס א מחשבה. —

געווען וואָלט דאָס וואָר, ווען איך וואָלט דאָ דערקענט
די לופט פון דער קינדהייט, דאָס גראָז פון די סקווערן.
די לופט און דאָס גראָז איז געוואָרן פארברענט
אינייִנעם מיט יענע פארכישופטע שטערן.

די גאס איז פאראן, און מיין הויז שטייט דאָ גאנץ,
און ס׳פירן די זעלביקע הילצערנע שטיגן
אויף וועלכע איך בין אין א שיכורן טאנץ
אמאָל צו דער פרייד און צום וואקסן געשטיגן.

נאר איצט האט דאָס לעבן דאָ נישט קיין רשות —
איך שטייג אויף די טרעפּ און ווער לייכט ווי א שאָטן.
אין וואקל און שרעק זוכט אן אָנשפּאר מיין פוס,
ווי איך וואָלט אין חלל נישט זיכער געטראָטן.

איך קאָן מער נישט שרייען. איך ווייס, אז מיין קול
איז טויט אין דעם לאנד פון זכרונות און נעמען.
איך וויל בלויז אנטלויפן, אזוי ווי אמאָל,
ווען כ׳פלעג מיט די ייִנגלשע טרערן זיך שעמען. — —

זאָל בלייבן, זאָל בלייבן אלץ פינצטער־פארמאכט.
און איך — אויפן ראָג פון זאַמבקאָווסקע־טארגאָווע —
וועל דארפן פארשווינדן אין גרויען פארנאכט,
אזוי ווי דער אָפּשיין פון דיינס א מחשבה.

וואַרשע, 1949.

# א פרוי אין א טוך

פארמאך נישט די טיר!
זי עפנט זיך סיווּי ביים מינדסטן באריר,
און איבער דער שוועל קומט אריין אויף באזוך
א פרוי אין א טוך.

וואָס העלפט, אז איך שריי?
אין שוויַיגן פארביסן זי גייט מיך פארביי —
באהאלטן דאס פנים, די האָר און די הענט.
איך האָב זי דערקענט!

בלייב שטיין א מינוט!
דו ברענגסט איצטער ווידער דעם ריח פון בלוט:
ביסט דו דאס מיין מאמע? לויפסט ווידער אוועק
פון אומקום און שרעק?

ווי איז דאס געשען,
אז כ׳זאל דיך צוריק איצטער ווידער דערזען?
דיין אומקום איז לאנג דאָך געוואָרן געשווינד
געפייערט פון ווינט.

ער האָט דיך בארויבט
פון מלבוש און גוף און צעטראָגן אויף שטויב.
מיט רויכן די זון פונעם הימל פארשטעלט
און דיך — פון דער וועלט.

ווי קומסטו צוריק?
דאָס האָט דיך אוודאי באשאפן מיין בליק,
אז קאָנען צוזאמען מיט מיר זאָלסטו זיין
אויף אומעט און פיין. — — —

נו, גוט, איך בין שטיל.
נאר איין זאך — דיין פנים, איך בעט, נישט אַנטהיל!
זאל בלייבן, אז דו האָסט זיך מיר בלויז געדוכט —
א פרוי אין א טוך.

חארשע, 1949.

# דער ברוק איז געבליבן

אפילו דאָס רוישן פון שטאָט,
דאָס סקריפּען פון רעדער און אייזן,
ווערט גאָרנישט באוויזן,
ווערט גאָרנישט באוויזן.

מיין טראָט איז איצט פעסט —
אין אים איז געניטקייט פון וואנדער פאראנען.
נאָר די שוועל איז פארוואָרפן מיט ברוך
נישט אריבערצושפּאנען,
נישט אריבערצושפּאנען.

עס גלאָצן די פינצטערע לעכער
ארויס פון די הייזער סקעלעטן,
ווי בלויז אויף דערמאָנען —
זיי שטייען אצינד, ווי מאקעטן.

ווער ס'וויל,
דער זאָל לעזן די שריפט
אויף שטיינער פון דענקמאָל פארשריבן.
פאר מיר
איז דער גאנג פון מיין פאלק
אויף שטיינער פון דזשיקע געבליבן,
אויף שטיינער פון דזשיקע געבליבן.

פון אונטן —
די קופּעס פון ציגל און גלאָז,
די ווינטן, וואָס ווילן פארקערן.
און אויבן —
א הימל
מיט פרישע
אויף פסח געשייערטע
גאָלדענע שטערן.

— אינמיטן
די שטילקייט, וואָס שטייגט פון די טויזנטער קברים.
די שטילקייט,
וואָס דאַרף איבערשרייען
דאָס רעדן פון הונדערטער יאָרן.

איך הייב אָן צו גלייבן
אַז איך בין אַמאָל דאָ געווען שוין.
אַז איך האָב געפונען
אַ שטאָט
מיט פאַרלוירענע מענטשן.

דער ברוק איז געבליבן,
דער ברוק איז געבליבן,
ווי עמיץ זאָל ווייזן אַ צייכן,
אַז איך וועל נאָך קאָנען
צו היים און צו אָנהייב דערגרייכן,
צו היים און צו אָנהייב דערגרייכן.

וואַרשע, מערץ 1949.

# ביים וויגל זענען ציגעלעך געשפּרונגען

ביים וויגל זענען ציגעלעך געשפּרונגען,
דאָס וויגל האָט געזאָלט צום הימל גרייכן.
מיין מאַמע האָט אַ ליד אַזאַ געזונגען —
אַ העלפט פון ניגון און אַ העלפט פון שמייכל.

בין איך אוועק אויף מוראַדיקע וועגן,
איך האָב די שוואַרצע האָר זיך אָפּגעפּרוּוירן,
איך האָב די אויגן אויסגעשווענקט אין רעגן —
און כ׳האָב מיין מאַמעס שיינע ליד פאַרלוירן. —

דער הימל איז געוואָרן אויסגעשטערנט,
מיין האַרץ געווען איז וואַרטנדיק פאַרצאַפּלט.
מיין שוועסטער האָט אַ ליד מיך אויסגעלערנט —
אַ ליד אַזאַ מען היט ווי דאָס שוואַרצאַפּל.

בין איך אוועק אין וואַגל און אין וואַנדער,
די היים פאַרטוישט אויף הונדערטער אַדרעסן.
און דאָרט האָט זיך דאָס ליד געזונגען אַנדערש,
און דאָרט האָב איך מיין שוועסטערס ליד פאַרגעסן. —

ווען כ׳בין געקומען פון די ווייטע לענדער
און כ׳האָב דערזען, אַז אויף די שוואַרצע שטיינער,
ווו ס׳איז אַמאָל מיין אָנהייב־וועג געווען דאָרט,
איז קיינער נישט געבליבן, נאָר איך איינער. —

האָב איך דערמאָנט מיין מאַמעס שיינעם ניגון,
האָב איך דערמאָנט מיין שוועסטערס ליד־אין־טרערן.
אַ שטילער ווינט האָט מיך גענומען וויגן,
דער הימל האָט זיך ווידער אויסגעשטערנט.

וואַרשע, 1950.

# אוי, די ווינטן

אוי, די ווינטן און די שנייען —
שווער פון זיי זיך אויסצודרייען !

נישט דער רויש פון ווייץ און קאָרן
גייט פון מיינע קינדער־יאָרן ;

נישט קיין ווינטל איבער גראָזן
קומט פון דאָרט אהער צו בלאָזן —

בלויז די וואָיענדיקע ווינטן
יאָגן נאָך דעם שניי פון הינטן,

לויפן אָן אין לעבן ווידער,
ווי דער ניגון אין די לידער,

און צום הארצן זיי פארגייען —
אוי, די ווינטן און די שנייען !

איינמאָל — כ׳בין געווען א יינגל —
האָבן זיי ארומגערינגלט

און פארכאפט ביי מיר דעם אָטעם
און שוין מער נישט אָפגעטראָטן.

און שוין מער נישט אָפגעלאָזן :
ס׳הערט דער ווינט נישט אויף צו בלאָזן.

און דאָס ליכט פון שניי דעם קלאָרן
שיינט ארויס פון קינדער־יאָרן. — — —

אוי, די ווינטן און די שנייען —
שווער פון זיי זיך אויסצודרייען !

1950.

# ערב פרילינג

ס׳האָט יעדער טאג זיין אייגענעם געוויכט,
קיין איינער איז פון זיי צום צווייטן ענלעך,
און דאָך — פון אלע הייבט זיך אויף דאָס ליכט,
וואָס פלייצט, ווי ס׳לעבן, מעכטיק און אומענדלעך.

איצט טוישן זיך די צייטן אינעם יאָר —
באלד וועט די לעצטע ווינטער־שעה אריבער.
דער שניי אויף פעלדער ליגט נאך גאנץ און קלאָר,
נאָר אין דעם נעפּל ווארעמט שוין די ליבע.

די גרויקייט אויך איז נישט פון איין קאָליר —
אין ערב־פרילינג בייט זי זיך אין שעהן :
אָט קנוילט זי זיך אין טונקלקייט פארווירט,
און אָט צעשווימט זי אין א הימל בלאָען.

מיין טראָט דערשפּירט, ווי ס׳ריזלען אין דער ערד
און ס׳שווילן־אָן אין ווארעמקייט די קוואלן.
די ווינטער־זאָמען ווערן דאָרט צעשטערט
און פון דער גרינער פרוכטבארקייט באפאלן.

מיין אויג קוקט דורך יעטוועדן שווארצן בוים,
ווו ס׳לויפט דער זאפט פון וואָרצל צו די צווייגן.
אויף אָט דעם וועג — פון אונטערערד צום רוים —
וועט באלד די דרייסטע בליונג נעמען שטייגן.

מיך נעמט ארום דער נעפּל פון דער ווייט
די פרייע פייגל וועלן אים צעטראָגן.
די פרייד וואקסט אומגעדולדיק אָן און שרייט :
דער ערשטער פרילינג־טייך זאָל נעמען שלאָגן !

1951.

# לעבעדיקע פארבן

ווי ס׳לעבן האָב איך ליב די בונטע פארבן
וואָס קומען אויף פון אונדזער שווארצער ערד
און האלטן אָן ביז סאמע ערב־שטארבן —
ביז פון דעם וויאנען ווערן זיי צעשטערט.

כ׳האָב נאָכגעקוקט דעם איבערגאנג פון גרינען
צום רויטן בלי — די גאנצע פרילינג־צייט,
נאָר נישט באוויזן האָב איך צו געפינען
די רגע פון דעם וווּנדערלעכן בייט.

פונקט ווי דאָס בלוט, וואָס פליסט אין מיר באהאלטן
און שרעקט זיך פאר דעם דרויסנדיקן ליכט —
אויב כ׳פרווו די פארבן אויף א ווייל פארהאלטן,
זיי ווערן גלייך פארגליווערט און געדיכט.

דאָס גראָז הייבט אָן צו טריקענען און דארן,
אויף אלע בלומען שרומפט זיך איין די הויט,
און אויף די פארבן לויערן געפארן
פון שווארצן, אלץ־פארלעשנדיקן טויט.

.1951

# איך בין נישט פרום

איך בין נישט פרום — נאָר אין דעם פרילינג־בלי
וואָלט איך אוועקגעשטעלט זיך אויף דער קני
און אין דעם בלומען־ווייררויך אויסגעוואַרט,
אז כ׳זאָל פון ניסים ווערן אָפּגענאַרט.
קאָן זיין, נישט לאַנג שוין בלייבן וועט דער סוד
און דאָס, וואָס מענטשן רופן אָן נאָך גאָט —
דאָס אַלץ, וואָס איז ביז איצט נישט אויפגעקלערט —
וועט אויפגיין מיט דעם לעבן אויף דער ערד,
נאָר איך וועל זוכן אַלץ א טיפן מיין
אין דעם, פאַרוואָס די בלומען זענען שיין,
פאַרוואָס דאָס לעבעדיקע בלוט איז רויט —
פאַרוואָס די ליבע שטאַרקער איז פון טויט.

איך גיי אין פעלד, ס׳איז פרילינג אינדערפרי.
די לופט איז איצטער בלויז פאַר שוואַלבן־פלי,
די זון האָט נאַרוואָס אָפּגעלעקט דעם טוי,
און אַלדאָס גרינס איז ציטעריק אַזוי,
ווי ערשט אַרויסגעקומען פון באַשאַף.
און פּונקט ווי אדם, שטיי איך און איך גאַף
און זוך א נאָמען פאַרן וווּנדער — אזא וואָרט,
וואָס זאָל באַפרייען מיך פון כשוף־אָרט.
עס פאַלט די בענקשאַפט אָן אויף מיר, ווי שלאָף
און ווידער בין איך גרייט אויף גרעסטער שטראָף —
צו לאָזן זיך באַרויבן פון א ריף,
אַבי צו הערן ווידער: כ׳האָב דיך ליב!

1951.

## פון וואנען ?

פון וואנען האָט זיך עס גענומען
דער ערשטער שמייכל אויף דער ערד ?
דאָס ווייסן שוין פון לאנג די בלומען,
נאָר אויסצוזאָגן — איז פארווערט.

איך האב די בלומען אויסגעריסן,
כאָטש יעדע איז געווען א שאד.
איך האָב בלויז זיך געוואלט דערוויסן,
געוואָלט דערגיין דעם בלומען־סוד.

דער גאנצער זומער האָט געשוויגן,
דער הארבסט האָט אויך נישט אויסגעזאָגט.
און ענטפער האָב איך איצט געקריגן
פון סאמע ערשטן פרילינג־טאָג.

ווען ס׳האָט די זון דעם שניי צעטייעט,
דאָס ערשטע בלימל — אויפגעוועקט,
איז מיר דער סוד געוואָרן טייער,
ווייל כ׳האב אליין דעם סוד אנטפלעקט.

אין יענער רגע, ווען געביטן
די גרינע קנאָספּ האָט איר קאָליר —
האָט מיך דאָס זעלבע נישט געמיטן,
איז פונקט אזוי געשען מיט מיר :

די זעלבע זון האָט אָנגעצונדן
דעם שמייכל אויף מיין בלייך געזיכט,
און ס׳האָט מיך מיט דער בלום פארבונדן
דער סוד פון לעבן און פון ליכט.

.1951

## בליענדיקע צווייגן

איך האב דערזען א בוים אין אָנהייב בליען
און ווידער איז מיין צונג געליימט געוואָרן:
אויף יעדן צווייגל האָט געגומען גליען
א פונק פון דעם פארלאָשענעם זכרון.
מיר דינט דער ווינטער אויבעט אויף דערמאָנען
דאס אלץ וואָס רעגנס האבן אויסגעשטראכן,
נאָר אין דעם בליונג־ליכט איז אויפגעשטאנען
די קינדהייט מיינע פריש און נישט צעבראכן.

אין פרילינג איז מיר שווער צו שרייבן לידער
און מיט מיין וואָרט די בלומען צו פארבליפן,
דערפאר איז לייכט מיר אויסצוגראָבן ווידער
דעם שווארצערד־ריח פון דעם עבר טיפן. — — —
אויף דער טארגאָווע גרינען אלע סקווערן,
די רייפע זון האָט מיך אדורכגענומען,
און כ׳בין פארליבט ביז ווייטיק און ביז טרערן
אין אלע צארטע שמעקעדיקע בלומען.

די לייכטע ווינטלעך ווערן מיינע פליגל
און ווי דאָס ליכט שוועב איך אויף זיי א גרינגער.
דאָס שטילע גליק פארוואנדלט זיך אין ניגון —
און אָט אזוי ווער איך דער ערדס באזינגער.
איך לויף אהיים, עס שפרינגט מיר נאָך דער שאטן,
איך זוך דאָס וואָרט מיין זעונג צו באשיידן,
איך נעם אייַן פיר שטאק שטיגן מיט איין אטעם —
און אויפן דרויסן בלייבן אלע פריידן. — — —

געוויס בין איך שוין ווייט פון יענעם יינגל —
מיין שפּראַך איז אַ געאיבטע און געניטע,
און דאָך גיי איך נאָך אַלץ אויף שפּיצן־פינגער
אַרום די ביימער נאַרוואַס אויפגעבליטע.
כ׳האָב מורא מיט מיין אָטעם זיי באַרירן
און איבעררייסן מיט אַ וואָרט דאָס שווייגן,
כּדי נישט צו פאַרלעשן און פאַרפירן
די וווּנדערלעכע בליענדיקע צווייגן.

וואַרשע, 1951.

# אָ וווּנדערלעכע זאַך

א ווונדערלעכע זאך, אז קיין שום הארבסט
האט ביז אצינד מיין יוגנט נישט געשעדיקט.
פון יעדער לעבעדיקער זאך, וואָס דארט —
איך איינער בלויז געבליבן בין באגנעדיקט.

עס צאנקט דאס גראָז. דער ווינט גייט מיך פארביי
און שטיפט, די האר פון קאפּ צעשיט ער.
קאן זיין דערפאר, ווייל כ׳בין דעם פרילינג טריי
האט איבער מיר דער הארבסט נאָכנישט קיין שליטה.

ווי נאָר ער קומט אריין אין מיין רשות,
פארשמעקט אויפסניי מיט בליעכץ פון זיין רעגן
און פון זיין ווינט — מיט פרישקייט און געַנוס,
ווי ער וואָלט מיט דעם פרילינג זיך באגעגנט.

.1951

## דאס ליד ווערט נישט צונויפגעשטעלט...

דאס ליד ווערט נישט צונויפגעשטעלט פון ווערטער
ארויפגעצויגענע אויף ריטעם־שנורן —
דער פלאטער פונעם בלוט, א קוים־דערהערטער
דארף קלאפן אין דער לעבעדיקער שורה.

דאָס פייער פון דעם לעבן מוז באגלייטן
דעם קלאנג אויף צו פארוואנדלען אים אין ווונדער —
פון יעדן איינעם וואָרט באדארף דיר וויי־טאן,
ווי אומגעריכט געטראפן און פארוואונדעט.

ווייל בלויז דאָס וואָרט, וואָס ווערט מיט בלוט באגעגנט
איז ווערט געוואָרן ווידער אומצוקערן
דעם פאָלק, וואָס האט זיין שפראך דיר אָפגעגעבן
כדי אין נייע לידער זי דערהערן.

.1951

# וואונדער

מיר בלייבן אָפּטמאל איבער בלויז אין צווייען,
ווי נאַרוואַס פון דעם לעבן אויפגעוועקט,
און דעמאָלט הייבן מיר זיך אָן צו פרייען
מיט יעדער זאַך וואָס ווערט דורך אונדז אַנטדעקט.

מיר לערנען ערשט זיך אויס צו אונטערשיידן
אַ גוטן שמייכל פון אַ רויטער בלום,
און די אומשטערבלעכקייט פאַרבינדט אונדז ביידן,
ווען איך נעם דיך צום ערשטן מאָל אַרום.

דו שטרעקסט דיין האַנט אויס — אַלע ביימער בליען,
דו מאַכסט אַ טראָט — די פעלדער זענען גרין,
דו הייבסט דעם קאָפּ אויף — אַלע פייגל פליען
געטרייע, פאַרנוויין און מין צו מין.

מיר גייען איבער אומבאַקאַנטע וועגן
און ווייסן נאָכנישט, אַז דאָס בלוט איז רויט,
און ווייסן נאָכנישט ווען זיך צו פרעגן,
ווו ס'גרענעצט זיך דאָס לעבן מיטן טויט.

די ווייטן זענען בלאָ און אומגעהויער,
און אויסגעפּרוווט דורך אונדז ווערט יעדע פרייד,
ביז ס'פאַלט אויף אונדז אָן אורשרעק און אַ טרויער,
ווען מיר דערזעען, אַז די זון פאַרגייט.

1951.

# פאר אלעם

פאר אלעם וואָס איך האב אמאָל געליטן —
פאר אלעם ווען דאס לעבן מיר באצאָלן.
איך האָב קיין שווערקייט נישט אויסגעמיטן —
פון קלענסטע זאָרגן ביז די שווערסטע עולן.

אויף סמאָטשע־גאס האט מיך די פרייד באגעגנט
און באלד פון קרומע שטיינער אָפּגעשפּרונגען —
כ׳געדענק נאָך וויפל אומעט ס׳איז געלעגן
אין וויג־ליד, וואָס מיין מאמע האָט געזונגען.

איך הער נאָך יענע קולות און געוואלטן,
וואָס האבן פון א פענצטער אויסגעבראָכן,
ווען ס׳האָט די נויט שוין נישט געקאָנט זיך האלטן
בסוד און צווישן די פיר ווענט פון שכן.

און יעדעס אומגליק, ווי א פלעק א שווארצער,
האט אין מיין דמיון זיך ארייננגעגעסן —
א גאנצער הויף מיט שאָטנס האט געשפּארט זיך,
כדי די קינדהייט מיינע צו פארלעשן.

און, וואונדערלעך, אז אין דעם וויסטן פלאָנטער
האָב איך מיין כוח און מיין שטאָלץ געפונען:
אז מיט אזוי פיל ליכטיקייט און יום־טוב
בין איך פון אָט דער פינצטערניש אנטרונען.

דער ווייטיק האָט דאָס בלוט מיר אָנגעצונדן,
די אומגערעכטיקייט — געאיבט מיין ווילן —
און, וואונדערלעך, מיט איינמאָל איז פארשוואונדן
די שטומקייט פון די ווערטער און געפילן.

דאָס זענען מיינע טראָציקע געזאנגען! —
דאָס איז א העלער צאָרן מיך באפאלן
און שפּעטער אין די שורות זיך צעגאנגען,
ווי שארפע חושך־שניידנדיקע שטראלן.

.1952

## א יונגער ייד מיט שווארצע אויגן

א יונגער ייד מיט שווארצע אויגן
האט היינט אויף מיר אזוי געשריגן :
— מיין ווייב האט מיר א זון געבוירן
און דארף א ליד אים צו פארוויגן.

זי האָט געפרוווט זיך צו דערמאנען
דאס אלטע ליד, דעם אלטן ניגון,
האט זי צעוויינט זיך און פארשטאנען,
אז איצטער איז דאָס ליד א ליגן.

זי האָט די נאענטע פארלוירן,
איצט דארף דאס איינע קינד געניגן —
מיין ווייב האָט מיר א זון געבוירן,
און דארף א ליד אים צו פארוויגן.

און אלע לידער דיינע טויגן
צום וועקן בלויז און נישט צום וויגן. —
דער יונגער ייד מיט שווארצע אויגן
האָט זיך געבייזערט און געשריגן.

און אויסגעפרעסט ביי מיר א שבועה,
אז איך וועל זוכן אזא ניגון
צום וויגן גוט און גוט צום רועז,
און גוט — דעם ווייטיק צו באזיגן.

װאַרשע, 1952.

## איך קאָן נישט שווייגן

ווי קאָן איך שווייגן ?
אז אויך דער שטיין האט אויפגעהערט צו שטומען.
דאָס פייער האט אים הייס ארומגענומען
ביז ער איז לייכט און כוואליעדיק געווארן —
א דענקמאָל פאר די ברענענדיקע יארן.

ווי קאָן איך שווייגן ?
אז אויך דער בוים מיט די געדיכטע צווייגן
קאָן מיך פון מיין זכרון נישט פארשטעלן —
די טויטע הערן אלץ נישט אויף צו פעלן.

פון שבעה האָב איך זיך שוין אויפגעהויבן,
איך פיל די ווארעמקייט פון זון און גלויבן,
נאָר זייער אנדענק שווער איז מיר פארבייגיין —
ווי קאָן איך שווייגן ?

מיין מאמעס רוצחים הייבט מען אָן באפרייען.
ווען יעדער טראָפּן בלוט זאל קאָנען שרייען,
ווען יעדער שטויב פון אש צום רוים זאל שטייגן ! —
ווי קאָן איך שווייגן ?

פון זעקס מיליאָן בין איך נאָך דער שליח,
און פונקט אזויפיל מאָל מיין האס צעגלי איך,
מיט זייער כוח וויל איך איבערצייגן —
איך קאָן נישט שווייגן !

וואַרשע, 1953.

# איך רעד איצט שטיל

איך רעד איצט שטיל, כאָטש אלע ווערטער ברענען —
מיין טאָכטער דארף מיין ווייטיק נאָך נישט קענען.

מיר איז א שאָד אויף אירע שמאָלע אקסלען
מיין לאסט צו לייגן — זי באדארף נאך וואקסן.

מיט יעדן איינעם טאג איר הויט ווערט צארטער —
אזוי פיל פרייד און פיין פאָרויס דערווארט איר.

די אָרעמס אירע נעמט זי ערשט צעשטרעקן —
אזוי פיל זאכן דארף זי נאך אנטפלעקן.

אין ראנגלעניש מיט פאָרמולעס און ציפער
זי גייט אין לעבן טיפער אלץ און טיפער.

זי נעמט איין אלע ווינקעלעך געהיימע
מיט טרערן פון אנטציקונג און פון אימה.

נאָר איין זאך מוז איך נאָך פאר איר פארשליסן —
אָט דאָס דארף זי דערווייל זיך נישט דערוויסן.

איך ווארט נאָך אָפּ: איר הארץ זאָל ווערן רייפער
און אירע קינדערישע פויסטן — שטייפער;

איך ווארט נאָך אָפּ: זי זאָל זיך קאָנען ווערן
אנטקעגן דער פארבלענדעניש פון טרערן.

און דעמאָלט וועט איר מיין זכרון דינען
די פולקייט פונעם לעבן צו געווינען.

וואַרשע, 1953.

## אויף יענע טרעפּ, וואָס פירן צו מוראַנאָוו

נישט לייכט קומט אָן מיר איצטער אויפצושטייגן
אויף יענע טרעפּ, וואָס פירן צו מוראַנאָוו.
דער בליק איז קלאָר, נאָר ס׳האַרץ וויל אַלץ נישט שווייגן —
ווו זענען מײַנע נאָענטסטע פּאַראַנען ?

איך נישטער אין די פענצטער פון די הײַזער,
אין מײַן זכרון שווימען אויף די נעמען.
איך טראַכט, אַז באַלד וועט עמעץ זיך באַווײַזן
און ווי אַ גאַסט — צו זיך אין שטוב מיך נעמען.

אָט איז די גאַס, ווו כ׳האָב געוווינט צוזאַמען
מיט אַלע מײַנע אָרעמע און ליבע.
איך האָב אַמאָל געטרוימט, אַז אויך מײַן מאַמע
וועט אין דעם שײַנעם נײַעם הויז אַריבער.

פאַר יעדן אײנעם מענטש, וואָס איך באַגעגן
האָב איך אַ גרייטן צעטל מיט אַדרעסן,
נאָר ווען איך שטעל אים אָפּ און פרוּוו אים פרעגן —
פאַרליר איך זיך און הייב אָן צו פאַרגעסן.

און איך דערזע : ער הייבט מיך אָן פאַרבײַגײן,
ער האָט אָן ווערטער אויך מיך גוט פאַרשטאַנען. —
נישט לייכט קומט אָן מיר איצטער אויפצושטײַגן
אויף יענע טרעפּ, וואָס פירן צו מוראַנאָוו.

וואַרשע, 1954.

# ביז אצינד נאך

דאָרט, אויף די הימלען פון די קינדער־יאָרן,
איז ביז אצינד נאך ליכטיק נישט געוואָרן.

זיי ווערן דורכגעשניטן בלויז פון בליצן —
מיין שוואכער טאטע קאָן מיך נישט באשיצן.

די קנוילן פון דער פינצטערניש זיך מערן —
מיין מאמע קאָן מיך קעגן זיי נישט ווערן.

אין שלאָף ווער איך דערוואָרגן פון געפארן —
איך ווער דערשטיקט און קיינעם וועט נישט ארן.

מען קלאפט אין טיר און עמעץ שרייט דאָרט: עפן!
כ׳האב מורא מיט דעם דרויסן זיך צו טרעפן.

א נאפט־לאָמפ גיסט מיך אָפּ מיט רויטע פלעקן
און אלע חפצים לויערן און שרעקן.

דאָס ציט זיך שרעקלעך לאנג אזוי און דויערט —
אומענדלעך, ווי אויף סמאָטשע־גאס דער טרויער.

װארשע, 1954.

## ווער קאָן דען פאַרגעסן?

ווען קאָן דען פאַרגעסן די ווינטן
אין פוילן פון קאַרטוז־בערעזע? —
זיי ווילן נאָך אַלץ נישט פאַרשווינדן,
ווי דאָס וואַלט ערשט נעכטן געווען.

זיי טרייבן אין טייכן די קריעס,
זיי לויפן אויף פעלדער און העשען,
זיי וויגן די צענדליקער תליות
אין דערפער פון ווייטן פּאָלעסיע...

ווער קאָן דען פאַרגעסן די ווינטן,
וואָס זינגען די „ערשטע בריגאַדע"
אין לאַנגע און פראָסטיקע ווינטערס —
אינדרויסן פון תפיסהשע קראַטעס?

זיי ברענגען דעם עכאָ פון שטיוול,
פון פערדישע טריט און פון אימה.————
נאָר אין אַ פאַרוואָרפענעם שטיבל
אַ זיצונג קומט פאָר אַ געהיימע.

און ביסלעכווייז הייבט אָן פאַרשווינדן
דער ווינטער דער גרויער און גרייזער,
און גאַנץ גייט אַרויס פון די ווינטן
די וויזיע פון גלעזערנע הייזער...

.1954

*    *
*

כל־זמן דאָס בלוט איז יונג און קרעפּטיק
און מיט דערפאַרונג נאָכנישט זאַט —
רופט־אָפּ דאָס האַרץ זיך העל און העפּטיק
אויף יעדן וווּנדערלעכן פּרט.

צו־ווייניק האָב איך נאָך געוואַנדערט,
צו־ווייניק האָט דער בעז געבליט,
און יעדעס יאָר כ׳זינג עטוואָס אַנדערש
דאָס זעלבע שיינע פרילינג־ליד.

איך וואַרט מיט פרייד אויף יעדן שינוי
אין דער נאַטור פון ערד און מענטש —
דערפון די ליבשאַפט און די שנאה
מיט וועלכע ס׳איז מיין וואָרט געבענטשט.

עס גייט קיין איין מינוט נישט ליידיק
פון אונדזער גרויסער צייט אַרויס,
און ס׳וועט דער עבר נישט באַליידיקט,
ווען כ׳ווענד מיין פּנים אויף פאָרויס.

איך זאָג נישט אָפּ זיך פון מיין יחוס —
דאָס גוטע אייגנס איז נישט שווער,
ווען אין אַ פרייוויליק שליחות
איך גיי איצט פאַר דער גאַנצער ערד.

.1954

# ערשטער חודש

ערשטער חודש פונעם ניי־יאָר —
פרישע שנייען, וווּנדער נייע,
שניי און חידוש אין די אויגן:
עפּעס איז אַוועקגעפלויגן,
עפּעס דאַרף דאָ באַלד נאָך קומען —
פון די שנייען — ערשטע בלומען.

אין דעם שניי ווערט אַלצדינג שענער,
איך אַליין ווער קלענער, קלענער;
ס'נעמט די ווייסקייט מיך פאַרשלינגען
ביסלעכווייז — אינמיטן זינגען,
ביז עס בלייבט פון מיר אויף שנייען
בלויז אַ קינד אין גליק־געשרייען.

כ'בענק נישט נאָך די אַלטע יאָרן —
וואָס האָב איך דאָרט אָנגעוואָרן?
לאַנגע הונגעריקע זומערס,
האַרבסטן — רעגנדיק־פאַראומערט.
נאָר ווען ס'שיטן זיך די שנייען,
אויף צוריק נעמט אַלץ זיך דרייען.

אָט די קאַלטע קראַפט פון ניי־יאָר
קאָן פון יאָרן מיך באַפרייען,
אַז איך זאָל פאַר נייע לידער
פרישע רייד געפינען ווידער,
און מיט זייער בלענד זיך פרייען,
ווי אַ קינד מיט ווייסע שנייען.

װאַרשע, 1953.

## סוף ווינטער

דער רעגן קלאַפּט אין אַלע דעכער,
דער ווינט געוואַלדיקט;
די ווייסל איז געוואָרן העכער
און רייסט צום באַלטיק.

דער שניי אין גאַס ווערט איינגעשרומפּן
און שוואַרץ פאַרכליאַפּעט;
די ביימער לויפן אומגעלומפּערט
און אָפּגעדראַפּעט.

די לופט אין שטאָט איז אָנגעטרונקען
מיט גרויען טאָגן,
אין נעפּל ווערן איינגעטונקען
די שטילע ראָגן.

די פייגל האָבן זיך באַהאַלטן
און בלויז א שפּערל,
וואָס האָט די קעלטן אויסגעהאַלטן —
ער לאָזט זיך הערן,

און מיט זיין קליינעם פלינקן שנאָבל
ער הייבט אָן פּיקן,
כדי פון שטיינער אויסצוגראָבן
די פרילינג־גליקן.

1953.

# מערץ

פאַר קינדער, פאַר דיכטער און ביימער
הייבט אָן זיך אין פרילינג דאָס יאָר,
ווען אַלע פאַרלאַנגען געהיימע
באַשיידט ווערן ליכטיק און קלאָר.

צו דעם, וואָס פאַרשאַרפט איז זיין אויער
דערגייט שוין אין אָטעם פון מערץ
אַ זיפץ, ווי אַן עכאָ פון כוח,
וואָס וועקט זיך אין שויס פון דער ערד.

און אים וועט דערגרייכן דער ניגון
וואָס קומט מיטאַמאָל, אומגעריכט —
דער ווינט אויף די טויזנטער פליגל
פון פלאַטערדיק, דורכזיכטיק ליכט.

.1953

# אין אָט דעם זומער

וואס טוט זיך אָפּ אין אָט דעם זומער !
אין שטילקייט מערט זיך אַלץ ארום מיר,
מיט יעדן טאָג די ערד ווערט העכער —
דאָס גרינס וויל גרייכן צו די דעכער,
און אויפן פעלד דער יונגער קאָרן
יאָגט־נאָך דעם ווּקס פון מיינע יאָרן,
א גרעזל וואגט זיך צו פארמעסטן
אנטקעגן בוים דעם סאמע גרעסטן,
א שמעטערלינג מיט ווייסע פליגל
פרוווט אלע בלומען צו באזיגן.

נאָר מיר ווערט אויף דער ערד נישט ענגער !
מיין אטעם, ווי דער טאג, ווערט לענגער,
צו ווייטקייט מיינע הענט זיך ציען,
ווי פליגל הונגעריק צום פליען,
די לופט איז פאר מיין אויג דורכזיכטיק —
דאָס גרינס פארשטעלט נישט, נאר מאכט ליכטיק.

די זעלבע קראפט פון זיך פארמערן
הייבט אויך אין מיר אָן צו באגערן.
די בענקשאפט מיינע ווערט פארוואנדלט
אין יענעם שטילן דופט, וואס וואנדערט
און זוכט אין אלע ווייטסטע עקן
א הארץ מיט ליבשאפט אויפצוועקן.

1953.

# דאָס וואָרט

פון אָנהייב איז געווען דאס וואָרט ? אָ, ניין !
דער פייער־שניט פון מענטשלעכן געדאנק
האָט אויפגעשיינט אין לאכנדיקע ציין
נאָך דורות פון געראנגל און פארלאנג.

פון אָנהייב איז געווען די שווארצע מי,
דערנאָך די ערשטע רעגונגען פון פרייד,
און שפעטער ערשט — דער וווּנדערלעכער גלי
פון טרויער און פון ליבשאפט אין די רייד.

ווער נעמט צונויף די קלאנגען און פארבינדט ?
פון וועלכן פייער ווערן זיי דערנערט ?
מיר דאכט זיך, אז איין אות דאס צווייטע צינדט
דורך אלע צייטן פון דער אלטער ערד.

א שוועבנדיקע ליכטיקייט פון שריפט
לויפט שנעל אדורך דעם גאנצן אוניווערז,
כדי מיין אויג זאל ווערן איצט פארבליפט
פון איינעם אן אנטציקנדיקן פערז.

דאָס איז די העלע שפראך פון טויזנט יאר,
וואָס האָט זיך פון דער פינצטערניש באפרייט,
און דורך דעם איבעררוף פון דור צו דור —
איך נעם זי איבער פאר דער נייער צייט.

.1954

# איין ליד

וואס קומט ארויס פון לידער און פּאָעמעס
די אָנגעשטאָפּטע אין די צוואנציק בענדער ?
נישטאָ אין זיי קיין שורה פונעם אמת,
דורך זיי ווערט קיינמאָל גאָרנישט נישט געענדערט.

דאָס לעבן ווערט באוואקסן דאָרט פון שימל,
די בלעטער ווערן געל און איינגעשרומפּן.
נישטאָ אין זיי פון ליכטיקייט קיין סימן,
די לופט ארום איז מילכיק און פארדומפּן.

זיי קאָנען קיינעמס לײדנשאפט נישט וועקן,
זיי קאָנען נישט צעטרייסלען די געפילן.
די ווערטער זענען ווי פארגרויטע פלעקן,
דאָס אויג אנטלויפט פון זיי מיט ווידערווילן.

און איך קען איינעם, אזא דרייסטן דיכטער,
וואָס האט אין לעבן איין ליד בלויז געשריבן
און האָט דערמיט געענדערט די געשיכטע,
און ער אליין — אומשטערבלעך איז געבליבן.

דאָס איז געווען א ליד, וואָס פלעגט באגלייטן
דעם מענטש אין יעדער שעה פון זיין געראנגל :
דאָס ליד וואס קאן צו אלע ווייטע צייטן
בלויז דורך דער צייט דער אייגענער דערלאנגען.

ווייל יעדעס וואָרט געווען איז אויסגעקנאָטן
פון טאט און טרוים, פון ווילן און פון ליבע,
און ווייל דאס לעבן — מיט זיין ליכט און שאָטן —
איז אין דער שיינקייט פון דעם ליד אריבער.

.1954

## ווי דין דו ביסט...

ווי דין דו ביסט — א יונגיטשקע בעריאָזע,
וואָס גיט מיט פיבער זיך אוועק דעם ווינט,
און יעדעס בלעטעלע אין זון זיך צינדט —
ביז זי הייבט אָן צו פלאַטערן א ראָזע.

נישט צופעליק האָב איך דיך אָנגעטראָפן:
דורך צוואַנציק זומערס האב איך דיך געזוכט,
אין צוואַנציק פרויען האָסט זיך מיר געדוכט,
און מיט זיי אלע — ביסט פון מיר אַנטלאָפן.

מיך האָט געבראַכט צו דיר דער זעלבער הונגער,
וואָס פירט מיך שטענדיק צו דעם נייעם ליד —
ער האָט מיך פון דער מידקייט איינגעהיט —
און דיר צוליב געבליבן כ׳בין א יונגער.

איך האָב דערגרייכט דיך, און דער ערשטער ציטער
איז דורכגעלאָפן דורך דיין שמאָלן גוף,
און דו האָסט מער זיך ווערן נישט געפּרוווט
אַנטקעגן מיר — דעם אָנקום פון געוויטער.

און דו האָסט זיך פאַר מיר נישט איינגעבויגן,
נאָר, ווי א יונגיטשקע בעריאָזע גרייט
דעם שטורעם אויפצונעמען און די פרייד —
האָסט דו די בלייכע הענט צו מיר געצויגן.

.1953

# נישט אלץ

נישט אלץ האָב איך דיר אויסגעזאָגט,
איך האָב דיר נאָך נישט אלץ דערציילט —
אזויפיל האט דער ווינט פאַריאָגט,
אזויפיל האט די צייט פאַרהיילט.

דעם ווילדן שטורעם פון די טעג
שניידט דורך א העלער פּאס פון שיין,
דאָס איז געבליבן פון מיין וועג
אין וואקל צווישן גליק און פּיין.

נאָר דו ביסט נייגעריק, געניי
ווילסט זיך דערוויסן יעדן פּרט :
פאַרוואָס מיין שווארצער קאָפּ ווערט גרוי,
ווען כ׳בין פון לעבן נאָכנישט זאט ?

פאַרוואָס פיל איך נאָכנישט די לאסט
פון דער פאַרגאנגענהייט, איר וואָג,
כאָטש פול מיט ליבשאפט און מיט האס
געלאָדן איז דאָרט יעדער טאָג ?

פאַרוואָס איז שווער אָפּט מיין געמיט,
כאָטש ס׳איז מיין טראט נאך פלינק און לייכט ?
פאַוואָס איז האָפערדיק מיין ליד,
ווען מיינע אויגן זענען פייכט ?

איך וואָלט געזאָגט דיר, נאר א שאד —
דער ענטפער וועט זיין דאָפּלט שיין,
ווען אָט דעם שטילן גרויסן סוד
דו וועסט דערוויסן זיך אליין.

.1953

*     *
*

ס׳איז גוט, וואָס דיין שמאָלע געשטאַלט
האָט איצט זיך געשטעלט אויף מיין וועג,
ס׳איז גוט, וואָס זי היט און פאַרהאַלט
דעם שטראָם פון פאַרגאַנגענע טעג.
נאָך איצטער טרעפט אָפט, אַז איך שטוין:
ווי קומען צו מיר אָט די רייד,
צו וועלכע דער מענטש ווערט געוווינט,
נאָך יאָרן פון פרידן און פרייד?
מיין ליבע, דו ווייסט וואָס מיר איז,
דו איינע, דו קענסט דאָך מיין קרענק —
אין האַרץ איז אַ פינצטערער ריס,
דער ווייטיק איז שאַרף: איך געדענק!
נישט אַלץ ווערט פון אומקום פאַרמעקט,
פאַרקערט, ס׳איז פאַראַן אַזאַ טויט,
וואָס בלייבט, ווי אַ בלוטיקער פלעק,
אין גרויל און אין שרייאיקן רויט.

און דו, ווי די ביבלישע רות,
געקומען צו מיר ביסט אַליין,
צו וואַשן מיין לעבן פון בלוט
און היילן מיין לייב פון געוויין.
און איבערגעגעבן און טריי
פאַרשטעלסטו מיט ליכטיקע הענט
פון שרעקן, וואָס זענען פאַרביי
און האָבן מיך ווידער דערקענט.

1953.

# ווער ציילט די יאָרן ?

ווער ציילט די יאָרן ? זאָלן זיי אריבער.
די יוגנט בלייבט צוזאמען מיטן גלויבן
און מיט דער קראפט פון פריינדשאפט און פון ליבע —
אוממעכטיק איז די צייט זיי צו צעשטויבן.

דער טרויער האט זיך אויסגעלערנט שווייגן
און בלויז די פרייד האט פרייע הענט באקומען,
און פון דעם בלוט, וואס הערט נישט אויף צו שטייגן,
דעם לעצטן טראָפּן האָט זי אָפּגענומען.

ווער ציילט די יאָרן ? זע, די וועלט איז אָפן
און נישט געשטילט אין אויגן איז דער הונגער,
דאָס הארץ האָט נאָך נישט אויפגעהערט צו האָפן —
דאָס לעצטע ליד האָב איך נאָך נישט געזונגען !

1954,

# נאָך איידער

א פולע נאכט מיט רו
האָט אויסגעמעקט די זאָרגן.
וואָס זאָגט דער טאָג מיר צו ?
וואָס ברענגט מיר דער פרימאָרגן ?

די אויגן זענען קלאָר,
די הענט — מיט קראפט געלאָדן.
דאס ליכט איז ווידער וואָר
און זיכער איז דער באָדן.

דאָס הארץ איז ווידער גרייט
פונסניי אלץ אויפצונעמען :
דעם ווייטיק און די פרייד
אין הונדערט טויזנט נעמען.

מיט ליבשאפט כ׳נעם ארום
די זון אין אָנהייב גליען.
דער טאָג איז ווי א בלום,
וואָס וועט בלויז איינמאל בליען.

די רגע איז א שאד,
דער אויגנבליק איז טייער —
איך דארף דערגיין דעם סוד
פון ברענענדיקן פייער.

נאך איידער ס׳ווערט דאס ליכט
אין דעמערונג צעשאָטן ;
נאָך איידער מיין געזיכט
באהאלט זיך אין דעם שאָטן.

וואַרשע, 1953.

# ביים דענקמאָל פון געטאָ

1

ביים דענקמאָל פון געטאָ, מיין כותל מערבי,
איך לען אָן די מידע, צעווייטיקטע הענט,
און איבער מיין קאָפּ שרייט דער שטיינערנער נביא —
דאָס פייער אין געטאָ האָט אים נישט פאַרברענט.

זיין העמד איז צעכראַסטעט, זיין קאָפּ איז צעשויבערט,
דער דונער זיך קייקלט אַדורך זיינע ציין.
פון ווייטיק דערשיטערט, פון צאָרן באַצויבערט —
זיין שפּראַך איז א האָגל פון שוועבל און שטיין.

אַרום שטייט א ישוב, פון הונדערט בנינים,
און צענדליקער אַנדערע ווערן געבויט.
און קעגן זיי אַלע געווענדט איז זיין פּנים
אין ליכט און אין שאָטן פון פייער און טויט:

2

— זינג ווידער דאָס ליד, דו באַדאַרפסט עס צו זינגען,
כּל זמן אויף דער ערד וועט דיך עמיץ פאַרשטיין.
קאָן זיין, אַז דיר וועט מיט דעם ליד נאָך געלינגען
אַרויסרופן מער ווי רחמנות, געוויין.

זינג ווידער דאָס ליד מיט דעם זעלביקן ניגון,
וואָס דו האָסט אַמאָל פון דיין מאַמען געהערט.
אַזויפיל אין ליד איז געוואָרן פאַרשוויגן,
אַזויפיל פון ליד איז געוואָרן צעשטערט . . .

מען קאָן אויף א דור בלויז דיין לשון פאַרווערן —
דיין האַרץ וועט נישט בלייבן אויף אייביק פאַרשטומט.
זינג ווידער דאָס ליד, ווען אפילו דערהערן
מען זאָל דיך אין הונדערטער יאָרן אַרום!

3

— זאָל אויסוואַקסן ווידער פון ציגל די מויער
און קראַפּט פון באַהעפטן זאָל האָבן דאָס ליים.
זאָל ווערן דער שטאָט־טייל פון אומקום און טרויער —
פאַר הונדערטער טויזנטער ווידער א היים.

נאָר דער, וואָס האָט איינמאָל די ערד דאָ באַטראָטן
אויף נעמען א חלק פון בלוט און פון רויב —
פאַר דעם וועט דער דאַך דאָ נישט געבן קיין שאָטן,
פאַר דעם וועט קיין ליכט דאָ נישט געבן די שויב.

ער וועט קיין מנוחה בייטאָג נישט געפינען,
אים וועט אין דער נאַכט נישט באַשיצן דער שלאָף —
אויף יעטוועדן טראָט וועט אים נאָכגיין די שנאה,
ביז וואַנען עס וועט אים דערגרייכן די שטראָף.

4

— די ערד וועט דאָ האָבן אַן אַנדערן אויסזען,
די שטאָט וועט באַקומען א ברייטערן שניט,
נאָר דו וועסט אַלץ זוכן אין ליכטיקן דרויסן
די שפּורן פון דיינע פאַרגאַנגענע טריט.

פאַרלירן וועסט דו זיך אויף פּלעצער די גרוימע
און פרעגן וועסט דו אויף דער טונקעלער גאַס,
ווו דו האָסט די קינדערשע פריידן און טרוימען
דערצויגן צום העפטיקן קאַמף פון דיין קלאַס.

און דו וועסט נישט גלייבן, אַז זי איז נישטאָ שוין,
די גאַס איז אויף אייביק אין פייער אַוועק.
איר נאָמען בלויז בלאָנקעט אַרום אין דיין לשון
און וויל, ווי דיין יוגנט, נישט ווערן פאַרמעקט.

5

— אָן אָרט אויף דעם שטח פון חורבן לאָז איבער,
א ווינקל לאָז איבער אָן ליים און בעטאָן.
זאָל בלייבן אָן אינדזל פון ווילדגראָז אויף גריבער
צום אָנדענק פון דעם, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן.

זאָל יאָגן דער ווינט און זאָל רוישן דער רעגן
אין ניגון פון אייביקן בלוטיקן סוד —
זאָל קיינער אמאָל זיך נישט דארפן צו פרעגן
דעם וועג צו דער אונטערגעגאנגענער שטאָט.

א פאָלק איז דאָרט הונדערטער יאָרן געזעסן —
זאָל בלייבן אָן אָרט כאָטש פאר שטילן געוויין.
אויף אייביק געדענקען, אויף קיינמאָל פארגעסן,
איז ווייניק א דענקמאָל פון בראָנז און פון שטיין.

6

— כל זמן אויף דער געגנשע נאָך ליגן די שטיינער,
נאָך איידער מען פלאסטערט די גאס מיט אספאלט,
רייס אויס פונעם ברוק מיט די פינגער כאָטש איינעם
און טראָג אין געהיים אים אוועק און באהאלט.

פאר פרעמדע וועט ער דאָך פארבלייבן א שטומער,
נאָר דו וועסט ארויסקריגן פון אים דעם קלאנג,
וואָס ליגט טיף אין אים נאָך פון איינעם א זומער —
צום „אומשלאג" פון טויזנטער מענטשן דער גאנג.

הער איין זיך — קאָן זיין, אז באלד וועט דאָרט א גיי טאָן
א טראָט וואָס איז נאָענט און גוט דיר באקאנט.
און דו וועסט דיין מאמען א ווילע באגלייטן
צום אומקום — צום נעפּל פון יענער זייט פלאנט.

7

— די ערד ווערט צעשניטן נאָך אלץ פון די שינעס,
וואָס האָבן איר צוג קיין טרעבלינקע געבראכט.
זיי שיינען — די שיין פון זיי גרויזאם און גרין איז,
ווי בליאסק פון חלפים אינמיטן דער נאכט.

נאָר פוסט איז דער פלאץ, און נישטאָ די וואגאָנען,
פארשטאָפּטע מיט קינדער־געשרייען און שרעק.
און בלויז ווי א בת־קול, דער ווינט פרוווט דערמאָנען:
ווהין זענען אלע די צוגן אוועק?

אויך דו שטעל אוועק זיך אינמיטן דער פוסטקייט
און וואָיע, און שריי — ביז אויף יענער זייט בריק,
און ווארט אָפּ, ביז וואנען פון דער אומבאוווסטקייט
דער צוג מיט דיין מאמען וועט קומען צוריק.

8

— א לאנגע געווען איז די שווערד פון נקמה,
זי האָט ביז בערלין, ביז צום רייכסטאג דערלאנגט.
נאָר אָפּט פון די פינצטערע געטאָ־תהומען
באווייזט זי זיך ווידער א שארפע און בלאנקט.

זי זוכט נאָך ארום איבער אלע וועלט־עקן
די מערדער, וואָס זי האָט פארלענדן געדארפט.
א דורשטיקע גארט זי מיט בלוט זיך פארדעקן
און שטילן דעם צאָרן פון לויטערן שארף.

זי וויל נישט פארגעבן, זי טאָר נישט פארגעבן,
זי וועט פון דער שוואכקייט נישט ווערן פארשוועכט.
די שווערד פון נקמה די שווערד איז פון לעבן,
און פונקט ווי דאָס לעבן — זי משפט גערעכט.

9

— אויב עמיץ וועט וועלן פאַר בלוט און פאַר טרערן
דיר געבן א טייל פון געגנבעטן גאָלד —
זאָל דעמאָלט פון דאנען א שטים זיך דערהערן:
— דער חשבון וועט קיינמאָל נישט ווערן באצאָלט!

זאָל גרייכן צו דיר דאָס געשריי פון דיין שוועסטער,
זאָל גרייכן דיך דעמלט דיין מאמעס געוויין:
— פאַרקויף נישט דאָס טייערסטע אונדזערס, דאָס בעסטע
האלט הייליק דעם אָנדענק פון אונדזער געביין!

די מערדער, קאָן זיין, וועלן ווערן באגנעדיקט,
די מערדער, קאָן זיין, וועלן ווערן באפרייט,
נאָר זייער פאַרברעכן וועט זיין נישט אנטשעדיקט —
דאָס בלוט אונדזערס רופט נאָך נקמה און שרייט!

10

— זינג ווידער דאָס ליד, זאָל דאָס לשון דיר דינען —
דיין דור זאָל נישט בלייבן פאַרטיליקט און שטום.
דיין אייניקל וועט עס מסתמא געפינען,
דיין אייניקל אין א יאָרהונדערט ארום.

צי וועט מען דיין דראָבנינקע שריפט דעשיפרירן?
צי וועט מען דיין ניגון אמאָל דען פאַרשטיין? —
דאָס פאָלק וועט זיין לעבעדיק ליד נישט פאַרלירן,
די שפּראַך פון זיין רום וועט נישט קיינמאָל פאַרגיין.

איך גיב דיר דעם אָטעם פון אייביקן פייער,
איך גיב דיר פון צאָרן דעם העלישן פלאַם.
זינג ווידער דאָס ליד, וואָס איז ליב דיר און טייער —
דאָס ליד פון דיין איבערגעבראָכענעם שטאַם!

וואַרשע, 1955.

# אויף זייער שפּראַך

דאָס גאַנצע פאָלק האָט מען אין טויט פאַרטריבן,
פאַרשוווּנדן איז עס פון דער אויבערפלאַך,
און איינער בלויז איז על פּי נס געבליבן —
און איינער בלויז איצט רעדט אויף זייער שפּראַך.

און יעדן טאָג ער ניצט די זעלבע ווערטער,
וואָס עמיץ נישט דערעדט האָט ביזן סוף.
דעם ענטפער בלויז אינמיטן נאַכט דערהערט ער,
ווען טויטע קומען וועקן אים פון שלאָף.

ער הערט דעם פליסטער פון פאַרליבטע פּאָרן,
פון קינדער און פון אַלטע לייט — די רייד.
ער הערט דעם רוף פון ווייטיק און פון צאָרן,
דעם אויסגעשריי פון העלדישקייט און פרייד.

ער שטייט אויף אינדערפרי מיט אויגן נאַסע,
ווי נאָכאַמאָל אַנטרונען פונעם טויט,
און טראָגט אַוועק מיט זיך די ליבע משא —
דעם אוצר, וואָס דאָס פאָלק האָט אים פאַרטרויט.

און ווידער שימערירט מיט אַלע חנען
פון לעבן און פון רוישנדיקן טאָג —
די שפּראַך, וואָס טויג צום זינגען און צום וויינען,
די שפּראַך, וואָס איז געבליבן נישט דערזאָגט.

## פארגיב מיר, פריינד...

פארגיב מיר, פריינד, די הארבע מיינע לידער,
פארגיב מיר מיינע מאָנענדיקע רייד,
וואָס רייסן זיך ארײן אויפסניי און ווידער
אינמיטן פון דיין אָפּרו און דיין פרייד.

אויך איך בין שוין נאָך שלווה אויסגעהונגערט,
מיין יעדער טראָפּן בלוט נאָך ליבשאפט בענקט,
מיין דראנג צו ווייטקייט איז נאָך אזא יונגער,
אז אָפּט ווערט מיר די גרויסע ערד צו־ענג.

נאָר מיך באגלייט דאָס איינגעשטיקטע ברומען,
ווי ווידערקולות פון א ווייטן ים,
און הינטער מיר דער רוים איז נאָך פארנומען
מיט קנוילן רויך און פלאקערדיקן פלאם.

פארמשפט איז מיין ליד עס זאָל דערמאָנען
ביז לעצטער שורה, ביז צום סאַמע סוף,
די שטים פון זעקס דערהרגעטע מיליאָנען,
די שטים, וואָס פאָדערט א גערעכטע שטראָף.

פארמשפט איז מיין הארץ אויף האס און צאָרן,
פארמשפט איז אויף ווײ־געשריי מיין וואָרט,
פארמשפט איז מיין בלוט און מיין זכרון
אויף קיינמאָל נישט פארגעסן זייער מאָרד. —

פארגיב מיר, פריינד, איך קום דיין רו איצט שטערן,
כדי דיין לעבן זאָל נישט זיין צעשטערט,
אז אין מיין ליד זאָלסט זייער שטים דערהערן,
כל־זמן דער שונא לעבט נאָך אויף דער ערד.

1954.

# אוהל פרץ

אין דעם סאמע הארץ פון פוילן —
אין דער שטאָט פון שטאָלץ און טרויער —
אויף דעם ווארשעווער בית־עולם
שטייט דיין מאָנומענט דער גרויער.

וויפל שפאן פארנעמט די קרקע ? —
אויסגעמאָסטענע פיר איילן
האָבן די קברנים קארגע
דיר באשלאָסן צוצוטיילן.

שטח איז געווען ווייניק
פאר דעם שוואונג פון דיינע פליגל —
צווישן ענגע קברים־שטיינער
איז דיין אוהל אויפגעשטיגן.

צווישן דיר און דער צעגלאנע
האָט געווילדעוועט א פייער —
נאָר דיין אוהל איז געשטאנען,
ווי א טורעם א געטרייער.

האָסט געזען ווי קעגנאיבער,
צווישן קנוילן רויך און פלאמען,
אויפגעקלעטערט האָט א גיבור
מיט זיין פרייער פאָן צוזאמען.

איבער גאסן די פארברענטע,
איבער קופּעס שטיין און ציגל,
אויפן דענקמאָל האָסט דערקענט אים
ווי דעם ערשטן מענטש מיט פליגל.

נייע גאסן וועט מען בויען,
נייע הייזער וועט מען שטעלן,
נאָר פון דענקמאָל צו דיין אוהל
וועט מען נישט דעם וועג פארשטעלן.

איבער אלע פרישע הייכן,
איבער מויערן און דעכער —
אייביק וועסטו צו אים גרייכן
מיט דיין וואָרט:
— אויב נישט נאָך העכער!

1955.

# נאָך איינער

דער גורל איז אי גרויזאם, אי געדולדיק —
ער האָט געוואָלט דער אומקום זאָל מיך מיידן,
ער האָט געוואָלט איך זאָל זיך פילן שולדיק
און פאר מיין יעדן טאָג פון לעבן — ליידן.

פארוואָרפן איבער טויזנט קילאָמעטער —
מיין האס בלויז האָט געקאָנט דעם פיינט דערלאַנגען.
נאָר אויף די באריקאדן פונעם געטאָ
איז נישט געווען באשערט מיר זיך צו שלאָגן.

איך בין דעם לעצטן וועג נישט מיטגעגאנגען,
דער טויט האָט מיך דאָרט נישט געקאָנט געפינען.
איך בין געקומען שוין נאָך דעם געראנגל
צו אויסגעברענטע הייזער און רואינען.

עס וועלן שוין נישט העלפן קיין געשרייען —
די טויטע שטילקייט שרייט דעם ווייטיק איבער.
די שעהן יאָגן און די טעג פארגייען,
נאָר אויף דער וועלט קוק איך נאָך ווי אין פיבער.

איך ווארט נאָך, אז פון צווישן שטויב און שטיינער,
א מחנה זאָל צום קאמף זיך ווידער שטעלן,
און צווישן זיי זאָל דעמלט זיין נאָך איינער,
און צווישן זיי זאָל איך שוין מער נישט פעלן.

חארשע, 21 אפריל 1955.

# אין דער ברייט

ווי קאָן איך זיין אליין אין לייד און פרייד,
אז מיט דער מענטשהייט גיי איך אין דער ברייט,
און אין איר שטראָם, וואָס שפּאַרט דורך גאָר דער וועלט,
מיין חלק בלוט האָט קיינמאָל נישט געפעלט?
איך האָב מיט הונדערט פעלקער זיך געקרייצט
און אלע פּלעצער פון די שטעט פארפלייצט
מיט פרייהייט־הימנען און המון־געזאנג —
יאָרטויזנטער עס דויערט שוין דער גאנג!
מיין אָנהייב ליגט אין מדברדיקן זאמד —
דאָרט האָט דאָס וואָרט פון נביא אויפגעפלאמט
און אויף אן אייביקייט מיין בלוט צעגליט —
זיין שפּור געפינט מען איצט נאָך אין מיין ליד!
אויף יעדן אָרט כ׳האָב ליב געהאט די ערד,
אויף יעדן אָרט — געשיצט זי און געווערט,
כאָטש אָפט האָט מען געזאָגט, אז איך בין פרעמד,
און אָפטער נאָך — מיין העלדישקייט פארשעמט.
מען האָט געטריבן מיך פון לאנד צו לאנד,
מען האָט מיין קאָפּ באדעקט מיט אש און שאנד,
מען האָט אויף אינקוויזיציעס מיך געברענט,
מען האָט מיט געלע לאטעס מיך געשענדט,
אין ענגע געטאָס האָט מען מיך פארשפּארט,
אין טויטן־קאמערס האָט מען מיך פארנארט —
און ווידער האָב איך זיך פון טויט באפרייט,
און ווידער מיטגעגאנגען מיט דער צייט!

אויך איצט — נאָך אין דער העלפט אין בלוט און רויך —
מיין גוף גלייכט אויס זיך אין זיין גאנצער הויך,
און ווידער בין איך דאָ, און ווידער בין איך גרייט,
און מיט דער מענטשהייט גיי איך אין דער ברייט!

אפּריל 1955.

# ליד

מיט וויפל ווערטער האָב איך זיך באַנוצט ? —
אַזויפיל ווערטער זענען נאָך פאַרבליבן
אין זייער פרישקייט אָפּגעהיט, באַשיצט,
פון דער טאָנטעגלעכקייט נישט אויסגעריבן.

די ווערטער איינגעבאַקענע אין האַרץ,
און פּשוטע — אויף זינגען און דערציילן.
נאָר ווי דאָס אײדעלע מעטאַל פון אַרץ —
איז שווער זיי פון דעם לשון אויסצוטיילן.

און ווערטער שטילע, ווי אַ כישוף־שפּרוך,
אַז שווער איז אין דער מבול־שפּראַך זיי הערן.
נאָר ווי בלויז איינס פון זיי ווערט אויפגעזוכט,
באַלד שלעפּט עס מיט נאָך זיך אַ שנירל טרערן.

און שטענדיק קומט דער פאַנג אָן אומגעריכט,
ווי יעדע פרייד, וואָס קומט אָן אומדערוואַרטע.
דאָס איינע וואָרט פאַרשפּרייט אַזויפיל ליכט,
אַז אַלע רייד אַרום אויך ווערן צאַרטע.

און ווי אין פייער־פיבער דורכגעגליט —
אַ שורה מיט אַ שורה פלעכט זיך איבער :
פאַררייניקט אין איין פלאַם גייט אויף דאָס ליד —
פון שטאַרבן — שטאַרקער און פון לעבן — ליבער.

1955.

# מיין אָרקעסטער

מיר דאכט זיך, אז דאָס לעבן איז איין ניגון,
נאָר יעדעס יאָר — אַן אנדער אינסטרומענט,
וואָס שפּילט כל־זמן דאָס בלוט ווערט נישט אנטשוויגן,
כל־זמן דאָס הארץ ווערט נישט פון גליק פארברענט.

— זאָל שפּילן פון מיין לעבן די קאפּעליע!
זי האָט נאָך נישט דערגרייכט דעם העכסטן טאָן.
פאראַן נאָך פארבן טונקעלע און העלע,
וואָס איך האָב נאָך מיט ליד נישט אָנגעטאָן.

איך לאד אייך ווידער איין איצט, מיינע יאָרן,
איך לאד אייך ווידער איין צו א קאָנצערט.
שטעלט אַן די סטרונעס אלע פון זכרון,
און שפּילט אזוי — אז הערן זאָל די ערד!

די יאָרן פון דערוואַרטן און דערפארן,
די יאָרן פון דעם שווארצן סמאָטשער הויף,
די יאָרן פון געראַנגל, פון געפארן —
קומט ווידער אויף א ווײַלע זיך צונויף!

און צווישן זיי — די יאָרן מיינע בעסטע,
די לעצטע — גיב איך אָפּ דעם אויבן־אָן...
זאָל שפּילן פון מיין לעבן דער אָרקעסטער!
ער האָט נאָך נישט דערגרייכט דעם העכסטן טאָן.

נישט אויסגעפּירט איז ביז צום סוף דער ניגון,
מיר דאכט זיך אלץ: עס פעלט אַן אינסטרומענט.
מיין בלוט וויל אלץ נישט ווערן נאָך אנטשוויגן,
דאָס הארץ איז פון דער צייט נאָך נישט פארברענט.

# דאָס האַרץ

ווי קליין איז דאָס האַרץ, אַזוי קליין ווי אַ פויסט,
וואָס ליגט אין מיין ברוסט, ווי אין קלעם.
און דאָך — דורך דעם האַרץ פאַר דער וועלט כ׳האָב אַנטבלויזט
פון לעבן דעם לויף און פאַרנעם.

די ליבע, וואָס איז ווי אַ שטורעם פאַרביי,
דער ווייטיק, וואָס האָט נישט געשווינט,
די פרייד, וואָס פלעגט שווינדן און קומען אויפסניי
און האָט מיט מיר לאַנג נישט געוווינט.

דאָס גליק פון דער יוגנט, וואָס האָט מיך פאַרבליפּט,
די רייפקייט, וואָס האָט מיך געפּאָלגט,
די ערשטע אַנטוישונג — דער טראָפּן פון גיפט
אין שוימיקן וויין פון דערפאָלג.

און יענע מינוט פון דער גרויסער געפאַר,
ווען איך בין געבליבן אַליין
און פּלוצלינג דערפילט, אַז פאַרגליווערט און שטאַר
דאָס האַרץ ווערט — און שטום ווי אַ שטיין.

1954.

# א שטראַל

קאָן זיין, אז יעדער איינער איז אזוי
פון ליבשאפט צו דעם לעבן א פארבלענדטער,
און פונקט ווי איך, טראכט יעדער מענטש געגוי,
אז דאָרט ווו ער געפינט זיך איז דער צענטער;
אז אַלץ ארום אים דרייט זיך אין א קרייז,
אז קיין שום זאך זיין אויג וועט נישט פארלירן,
אז אויף דער ערד איז נישט פאראן קיין נייס,
וואָס ער וועט מיט די פינגער נישט באריכן.
צי איז דאָס גוט? און אפשר איז עס שלעכט? —
א שאָטן בלויז גייט שטיל פארביי, דערנעבן,
איך גלייב, אז יעדער מענטש, וואָס איז גערעכט,
דארף שטעלן זיך אין צענטער פונעם לעבן.
דאָס גוטע וואָס ער האָט איז נישט בלויז זיין —
ער האָט דאָס ביי דער גאנצער וועלט גענומען,
דאָס איז א שטראַל בלויז פון דער גרויסער שיין,
וואס איז אזויפיל מאָל שוין אויפגעקומען,
און יעדער שטראַל פארמאָגט דאָס גאנצע ליכט,
וואָס קאָן אויפסניי די גאָרע ערד געשטאַלטן. —
ער האָט נישט בלויז דאָס רעכט, נאָר אויך די פליכט
מיט יעדן טראָט די פינצטערניש צו שפּאַלטן.

1955

## דער ריח פונעם פריש־געבאַקן ברויט

די אלע ריחות, וואָס די גוטע ערד
האָט איבער מיינע יאָרן מיר פארטרויט —
זיי האָבן נישט פארשלאָגן און צעשטערט
דעם ריח פונעם פריש־געבאקן ברויט.

פארשיכורט האָט מיך אָפט די רויטע רויז,
איר דופט האָט אָפגעבריט מיין בלייכע הויט,
און טריי מיין לעבן איז געבליבן בלויז
דעם ריח פונעם פריש־געבאקן ברויט.

אריינגעאָטעמט האָב איך פון דער פרוכט
דעם אראָמאַט פון רעגן און פון טוי,
און שפעטער האָב איך ווידער אויפגעזוכט
דעם ריח פונעם פריש־געבאקן ברויט.

פארוואָס איז אָט דער ריח אזוי שטארק,
אז ער באגלייט מיך ביז צום סאמע טויט ?
ווייל אין מיין קינדהייט האָט מען מיר געקארגט
דאָס פריש־געבאקן ברויט.

1955.

# טרוים

דערווייל ווייסט קיינער נישט דעם טיפן סוד,
פארוואָס אין יעדן מעשהלע געַנוי
איז פון דעם ווייטיק ביז צום גליק א טראָט —
אין לעבן איז עס קיינמאָל נישט אזוי.

דער חלום אָנערקענט נישט קיין שום צוים —
די שטערונג שוועבט ער איבער לייכט און פלינק,
פון שאָטן ווערט ער אָנגערירט קוים־קוים —
אין לעבן איז עס גאָרנישט אזוי גרינג.

דער גאנג אויף אונדזער ערד איז שווער און הארט,
עס שטעלט זיך אים אנטקעגן יעדער שטיין,
נאָך יעדן אויפשטייג וואקסט אויס אומדערווארט
אן אָפּגרונט — און דערלויבט נישט ווייטער גיין.

און דאָך, דער טרוים בלייבט אונדזער אָריענטיר!
פארקוקט מיר זענען אין זיין דרייסטן פלי,
און ווען מיר קומען מיט אים אין באריר —
מיר גלייכן אויס דעם רוקן און די קני.

און ווידער צו דער ווייטקייט ווערט געווענדט
דער נישט געשטילטער, הונגעריקער בליק,
און מיט די מידע בלוטנדיקע הענט
מיר רייסן ווייטער זיך אדורך צום גליק.

1954.

# טשאַרלי טשאַפּלין

דעם קינסטלער
יצחק רייזמאַן

און דאָך גיט מיר אַמאָל אַ קלעם ביים האַרצן
די בענקשאַפט צו דער צייט פון שטומען פילם,
ווען יעדעם בילד פלעגט ווי אַ חלום צאַרט זיין —
די מינדסטע ענדערונג פון ליכט דערפילן.

דאָרט איז די שפּראַך שוין נישט געווען מער נייטיק —
אָן איר געוואָרן אייגן איז און נאָענט
די ליבשאַפט פונעם מענטשן און זיין ווייטיק
אין משך פון בלויז צוויי געציילטע שעהן.

די האַנדלונג איז געווען נאַיוו און זויבער,
און דער עקראַן געווען איז ווי אַ שפּיגל,
אין וועלכן טשאַרלי טשאַפּלין האָט געצויבערט
און זיינע מענטשן אָנגעטאָן אין פליגל.

צו אים בין איך אַנטלאָפן פונעם טומל,
און אים האָב איך געזוכט אין קליינעם קינאָ,
כדי ער זאָל דאָרט מיט זיין קונסט דער שטומער
אָן ענטפער פאַר מיין אויסגעשריי געפינען.

נאָר זעלטן האָט ער ביזן סוף פאַרענדיקט —
דאָס ליכט אין זאַל האָט ראַש זיך אָנגעצונדן,
ווען ער איז שטיל, אָן איינזאַמער, ווי שטענדיק,
אויף זיינע פּלאַטפיס אין דער ווייט פאַרשוונדן.

דעצעמבער, 1955.

# חלום

די גרויקייט וועט פארלעשן מיינע האָר,
נאָר איך וועל לעבן צווישן טרוים און וואָר,
און ביז צום סאמע סוף, אזש ביז צום גרוב —
וועט מיר זיך חלומען מיין מאמעס שטוב.

און נישט פארענדערט ווערן וועט איר קול,
איר פּנים יונג וועט בלייבן ווי אמאָל,
און נישט פארוויאנעט ווערן וועט איר פרייד,
און נישט — די פארב די ראָזע פון איר קלייד.

אין יעדן מאָרגן וועט זי גרינג און פריש
מיך נעמען אויף די קני ביים הויכן טיש,
און איך וועל שטרעקן מיינע הענט צום ברויט
און צו דעם ליכט, וואָס שטראַלט אויס פון איר הויט.

ווען זי וועט לאָזן מיך א ווייל אליין,
וועל איך זיך פילן הילפלאָז, שוואך און קליין,
און — ווי זי וואָלט אויף אייביק שוין אוועק —
כ׳וועל ווערן בלינד פון טרערן און פון שרעק.

נאָר זי וועט קומען ווידער אומגעריכט
און איך וועל זען איר שמייכלענדיק געזיכט,
און איך וועל הערן דאָס באקאנטע ליד,
וואָס שיצט מיך פון דער פרעמדקייט און פארהיט.

און וויפל מאָל פארמאכן כ׳וועל מיין בליק —
אזא וועט זיין דער חלום פון מיין גליק,
וואָס חזרט אָפּט זיך איבער און פארשווינדט — — — —
און ביז צום שטארבן וועל איך זיין א קינד.

1955.

## א פרעמדער טאָן

איך האָב דאָס בלוט פון האַרץ אוועקגעגעבן
פאַר יעדן וואָרט, וואָס איך האָב אויסגעליטן.
ווי שטיקער פון מיין אייגן לייב און לעבן —
איך האָב די לידער מיינע אויסגעשניטן.

מיין שנאה די געדעכטע און מיין ליבע,
מיין הייסן אייפער און מיין פרייד די יונגע —
איך האָב זיי אין מיין חלום אויסגעפיבערט,
און אויף דער וואָר איך האָב זיי אויסגעזונגען.

מיין גלויבן ווי א קוואַל געווען איז לויטער,
מיין יעדע טרער — א לויכטנדיקער שפּיגל,
און יעדער פלאַטער פון דער פאָן דער רויטער
געגעבן האָט דעם שוווּנג פאַר מיינע פליגל.

נאָר איינמאָל האָט געשוויגן מיין געוויסן —
איך האָב נישט אָנגערופן דאָס פאַרברעכן.
א פרעמדער טאָן האָט זיך אריינגעריסן
אין ניגון און אים אָנגעהויבן ברעכן.

און אָט דער בלויז איז ביז אצינד פאַרבליבן,
איך ווייס נישט, צי איך וועל אים ווען פאַרפילן:
דאָס איינע ליד, וואָס איך האָב נישט געשריבן —
דער איינער טראָפּן בלוט, וואָס קאָן נישט שטילן.

1955.

*

*　　*

פארשוווּנדן איז אויף אייביק יענע צייט,
ווען דיכטער פלעגן פאלן אויף דועלן,
נאָר איך באַוווּנדער אלץ נאָך שטילערהייט
אויך זייער אופן פון זיך קעגנשטעלן.
מקנא בין איך ביירעָנען דעם לאָרד,
וואָס האָט זיין ליד צו העלדישקייט פארגליכן,
און איז געלאָפן אויף א וויַיטן אָרט
צו שטארבן פאר דער פרייהייט פון די גריכן.
איך זע נאָך, ווי אנטקעגן כאם דאנטעס
שטייט פּושקין אין דעם רוסישן פרימאָרגן.
אויך דאָרט האָט נישט געקאָנט געשען קיין נס:
מען האָט דעם כאם געשיקט אים צו דערמאָרדן.
איך הער נאָך איצט מיצקעוויטשעס געשריי,
וואָס האָט זיך ביז סיביר אדורכגעריסן —
די שטים פון טיפן טרויער און פון ווי
אין ליד צו די מאָסקאלעס־דעקאבריסטן.

פון זיי דארף איך זיך לערנען, אז דאָס בלוט
ביי יעדער אומגערעכטיקייט זאָל זידן,
די דרייסטקייט און דעם בירגערלעכן מוט,
די מידה פון נישט זיין מיט זיך צופרידן.
דאָס הארץ זאָל אויף קיין טאָג נישט בלייבן שטום,
נישט שלום מאכן מיטן קלענסטן ליגן,
כדי דאָס וואָרט אין הונדערט יאָר ארום
זאָל בלייבן נישט פארשוויגן.

1955.

## כ׳בין גרייט...

כ׳בין גרייט פונסניי און נאָכאמאָל צו ליידן
פון קעלט, פון נויט, פון שנאה און פון מורא,
נאָר זאָל די זעלבסטצופרידנקייט מיך מיידן —
מיט איר צוזאמען קומט די מרה־שחורה.

זי איינע בלויז איז גרייט מיך צו דערשטיקן,
דאָס בלוט מיר אָפּצושטעלן און פארקילן —
דאָס אויג זאָל מער נישט קאָנען זיך אנטציקן,
די האנט זאָל מער נישט פאָלגן זיך מיין ווילן.

ווייל יעדן ווייטיק, וואָס פרווט מיך באדראָען
כ׳בין גובר, ווען איך רוף אים אָן ביים נאָמען,
און בלויז זי איינע סמט אָפּ אלע שעהן —
דאָס איז א קרענק, וואָס גרייפט אָן די נשמה.

.1955

# און אפשר...

און אפשר פאלט א טייל פון אָט דער שולד
אויף מיר — דערפאר, ווייל איך האָב אויך געשוויגן?
די שרעק האָט מיך פארגליווערט און צעדולט
און איך האָב נישט געוועוּרט זיך קעגן ליגן.
מיין קלאָרע שטים געוואָרן איז פארטויבט
און נישט געהאַט קיין רוים און נישט קיין עכאָ,
און דעמלט האָב איך שטילערהייט דערלויבט
מען זאָל דאָס הייליקסטע אין מיר פארשוועכן.
פחדנות האָט געגנידערט אויף דער ערד
און איינער פארן צווייטן האָט פארבאָרגן.
דעם פריינדס געשריי מען האָט אָפט נישט דערהערט,
און אָפטער נאָך — דאָס אייגענע דערוואָרגן.
ווי א מגפה האָט דער שווארצער חשד
אין הערצער אויסגעמאָרדעוועט דעם גלויבן.
דעם מוט האָט מען געשטעמפלט פאר פאראט,
דעם בלבול — צו א העלדישקייט דערהויבן.
דעם פסק האָט מען דערלאנגט פאר דעם געריכט
געהיימערהייט, פון פריער שוין א גרייטן.
פון שאנד און צאָרן האָט געזידט דאָס ליכט,
געוואָרט, אז איינער כאָטש זאָל א געשריי־טאָן,
אז איינער כאָטש זאָל וואגן זאָגן: ניין!
נאָר אָט דער איינער האָט זיך נישט באוויזן —
מען האָט אים אויסגעהאקט פון מויל די ציין,
מען האָט דאָס וואָרט פון קעל אים אויסגעריסן.
בלויז איין זאך איז געבליבן: דאָס געדולד
צו וואַרטן די גערעכטיקייט זאָל זיגן,
נאָר אפשר גראָד איז דאָס פון יענער שולד
א טייל — דערפאר, ווייל איך האָב פאָרט געשוויגן?

1955.

# דער טויט פונעם זינגער

פרץ מארקישן
אין אָנדענק

מען האָט צום טויט אוועקגעפירט דעם זינגער,
די אויגן — מיט א שמאטע צוגעבונדן.
מען האָט מיט שטריק געפּענטעט זיינע פינגער,
א זאלפּ, און ער איז אין תהום פארשווונדן.
ער האָט געוואָלט זיך עפּעס איבערפרעגן,
ווייל מער ווי גרויל געווען אין טויט איז חידוש.
נאָר פרעמד איז איצט פאר אים די ערד געלעגן
און נישט געוואָלט פארשטיין זיין לשון יידיש.

צעשיידט מיט אלע נאָענטע און ליבע,
געיאָגט, פארהעצט, געזידלט און פארשריגן,
איז אין דער לעצטער רגע אים געבליבן
נישט מער ווי בלויז אָ שפּליטער פון זיין ניגון,
וואָס איז געטריי זיין לעבן נאָכגעגאנגען
און אויסגעטייטשט זיין יעדע פרייד און טרויער.
נאָר איצטער האָבן אלע די געזאנגען
אין לעצטן שפּליטער־ניגון זיך צעוואָיעט.

ער איז געשטאנען מיט פארשטעלטע אויגן.
און אָפּגערוקט פון אים, ווי דאָס איז נייטיק,
מען האָט צו אים די ביקסן אויסגעצויגן
און שטיל געווארט אויף דעם באפעל צו טייטן.
נאָר ס'איז אדורך א שניידנדיקער שוידער,
ווען אלץ ארום געווארט האָט און געשוויגן :
די לופט האָט זיך פון זיין געזאנג געהוידעט
און נאָך דעם זאלפּ געקלונגען האָט זיין ניגון.

.1955

# „אין ווינטער־פארנאכטן
# אויף רוסישע פעלדער"

דוד האָפשטיינען

אין אָנדענק

דער מעכטיקער ווינט פון די רוסישע פעלדער
וועט קיינמאָל נישט אויפהערן יאָגן און שרייען.
פארהיט וועל איך ווערן פון שוואכקייט און עלטער,
כל־זמן ס'וועט א שפּור אין מיין ברוסט פון אים סטייען.
זיין עכאָ וועט רוישן אין מיינע געזאנגען,
זיין אומרו וועט גרייכן מיך ווידער און ווידער
און ביז צו דעם בלוט פון מיין הארצן דערלאנגען
מיט פּשוטע ווערטער פון יידישע לידער:
אין ווינטער־פארנאכטן אויף רוסישע פעלדער —
ווו קאָן מען זיין עלנטער, ווו קאָן מען זיין עלנטער?

איך וועל נישט פארגעסן די שנייאיקע ווייטן,
וואָס ווערן פארלוירן אין גרויקייט פון רוימען,
איך וועל זיי שוין קיינמאָל נישט קאָנען פארבייטן
אויף טונקעלע וועלדער און שטאָטישע צוימען.
ווי נאָר איך וועל פרווון פארמאכן די אויגן,
וועל איך זיי מיין פּיין און מיין בענקשאפט פארטרויען,
און ענטפערן וועט מיר א ניגון צעצויגן,
דער ניגון וועט זינגען, דער ניגון וועט וואָיען:
אין ווינטער־פארנאכטן אויף רוסישע פעלדער —
ווו קאָן מען זיין עלנטער, ווו קאָן מען זיין עלנטער?

פארשפּארט איז מיין גוף צווישן ציגל און אייזן,
מיין שטים פלאַטערט אום אין די ווענט פון א צימער.
איך וויל זיך באפרייען, איך וויל נאָך באווייזן
צו גרייכן אויפסניי צו דעם רוסישן הימל
און ווידער דערשפּירן דעם מעכטיקן אָטעם,
וואָס גייט דורך דעם ווינט ווי א כוואַליע פון פייער.
און אפשר וועל איך דאָרט געפינען דעם שאָטן
פון יידישע ווערטער, וואָס זענען מיר טייער:
אין ווינטער־פארנאכטן אויף רוסישע פעלדער —
ווו קאָן מען זיין עלנטער, ווו קאָן מען זיין עלנטער?

1955.

# אַן אדרעס

דער חבר מיינער פאָרט אוועק קיין מאָסקווע,
דער צוג וועט אָפּגיין פּונקט צו דער מינוט.
— אוי, חבר ליבער, איידער דו פאַרלאָזסט מיך,
איך גיב אַן אדרעס דיר — פאַרהיט אים גוט.

געדענק דעם נאָמען פון דער גאַס: ליעסנאיאַ,
אַ גאַס אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט.
דאָרט זענען נישט פאַראַן קיין הייזער נייע,
און שטעל זיך פאָר: מיר איז דאָס נישט קיין שאָד.

ווייל אויב עס שטייען אַלע אַלטע הייזער,
איז אויך דאָס הויז געבליבן אויפן ראָג.
שפּרינג שנעל די טרעפּ אַריבער און באַווייז זיך
פאַר יענער טיר דאָרט אויפן פערטן שטאָק.

קלאַפּ אָן דריי מאָל פאַרטייעט און פאַמעלעך,
און באַלד וועסט דו דערהערן זיינע טריט...
ניין, ניין! דו קלאַפּ דאָרט האַסטיקער און שנעלער —
אויך איך וואָלט איצט די רו נישט אָפּגעהיט.

קלאַפּ העפּטיק אָן אַן אויפהער מיט די פויסטן,
און שטיי נישט אָפּ, און ריר זיך נישט פון אָרט,
ביז וואַנען עמיצער וועט נישט אַרויסגיין,
ביז וואַנען וועסט נישט הערן כאָטש אַ וואָרט.

.1955

# צו פרי

איר האָט פאַריאָגט מיך ביז צום ראַנד פון גרוב.
אין אייער בליק האָט זיך שוין אָנגעצונדן
די שאָדנפרייד. איר מיינט, אַז בלויז איין שטופּ
וועט סטייען, אַז איך זאָל אין גרוב פאַרשווונדן.

איר האָט שוין אַלץ פאַרגרייט פאַר מיין געביין:
די שפּראַך פון צביעות און די פאַלשע טרערן,
און פאַר מיין קבר — אַ מצבה־שטיין,
אַז דאָרט אויך זאָל איך זיך נישט קאָנען ווערן.

צו פרי האָט איר באַוויזן זיך, צו פרי!
און מיינע כוחות האָט איר שלעכט באַרעכנט.
די פליגל מיינע טויגן נאָך צום פלי,
איר האָט זיי נישט באַוויזן צו צעברעכן.

אַ טראָט פון ראַנד און פון דער טויט־געפאַר —
זיי וועלן פלוצלינג ווידער זיך צעפאָכען,
און אייער בליק וועט ווערן בלינד און שטאַר
פון אויפשוווּנג מיינעם איבער נייע שטחים.

און נישט אַזוי כ׳וועל ענדיקן מיין ליד,
ווי איר דערוואַרט עס, ווי דאָס וויל דער שונא.
אַ טראָט פון ראַנד וועט בלייבן איינגעהיט
די קראַפט, וואָס וועט איך נאָכאַמאָל דערשטוינען.

.1955

## ביי וועמען זאָל איך מאָנען ?

ביי וועמען זאָל איך מאָנען פאַר די טרערן,
ביי וועמען זאָל איך מאָנען פאַר דעם בלוט,
אַז איך האָב זיך געשראָקן צו דערהערן
אין מיינע רייד די אייגענע — דעם מוט ?

אויף וועמען זאָל איך וואַרפן דאָס פאַרברעכן,
אַז איך אַליין האָב אויך דערצו דערלאָזט ?
געדאַרפט האָב איך די שטילקייט דורכצוברעכן,
אפילו ווען דעם קאָפּ וואָלט דאָס געקאָסט !

איך האָב זיך צוגעוויינט צו זיין פאַרביטערט,
דאָס האַרץ אין ברוסט — צו טראָגן ווי אַ שטיין,
און ווען דער ווייטיק האָט מיין בלוט דערשיטערט —
מיין מוח האָט אים נישט געוואָלט פאַרשטיין.

מען האָט מיין פריינד פאַרמשפּט אויף צו שטאַרבן,
נאָר נישט דערוויזן האָט מען מיר זיין שולד.
און איך האָב אויסגעהערט דעם פּסק דעם האַרבן —
אין בלינדן גלויבן אויסגעשולט.

דאָס איז געווען שוין נישט דער ערשטער קרבן,
און ס׳איז שוין אויך געווען באַשטימט מיין ריי...
נאָר מיט זיין אומגערעכטן טויט — געשטאָרבן
איז אויך מיין לעצטער אויסגעשריי.

1956.

## נישט אָנגענומען

אויף עטלעכע געציילטע, קלאָרע זאצן —
אַזויפיל ווייטיק דאַרף זיך אָנצוזאַמלען.
נאָר זאָל דאָס האַרץ פון צופיל ווייטיק פּלאַצן,
אַבי די ליפּן זאָלן מער נישט שטאַמלען.

צי איז מיין האַרץ געווען דען אומגערעכטיק,
אַז צו מיין מויל זאָל קלעפּן זיך דער ליגן ?
צי קאָן אַזוי די שפּראַך זיין נידערטרעכטיק,
אַז איין וואָרט מיטן צווייטן זאָל זיך קריגן ?

ווי איז געשען, אַז איך זאָל דעם פאַרברעכער
באַזינגען און פאַרוואַנדלען אין מיין טוגנט,
אַז איך זאָל שטעלן אים פון אמת העכער
און, ווי אַן אָפּגאָט, מקריב זיין מיין יוגנט ?

מיין לייב האָט מען צעפּערטלט און צעגלידערט,
דער תליון איז אַליין געווען דער ריכטער.
ער האָט צום טויט פאַרמשפּט קולבאַקס לידער
און צום פאַרגעסן — כאַריקן דעם דיכטער.

נאָר אָט דעם פּסק האָב איך נישט אָנגענומען !
און קיין שום קאַט האָט נישט געקאָנט פאַרווערן
די לידער, די פאַרמשפּטע און שטומע,
מען זאָל אויפסניי אין מיינע לידער הערן.

.1956

# די וויטקייט בלענדט

מיין קינד, דיר איז באשערט די גרעסטע שטראָף:
דו מאָנסט זיך פונעם מעשהלע דעם סוף.

אין מעשהלע, וואָס איך האָב דיר דערציילט,
די ראָלן זענען שלעכט געווען פארטיילט.

דער גוטער איז געווען געמיין און שלעכט
און אָפט געמשפּט דעם וואָס איז גערעכט.

דער קלוגער האָט געהאנדלט ווי א נאר:
ער האָט געוועלטיקט בלויז דורך דער געפאר.

און דער, וואָס האָט פאר דיר זיך איינגעשטעלט
געווען איז גאָר א פּחדן, נישט קיין העלד. —

הער אויס, מיין קינד, דאָס מעשהלע פונסניי:
נישט לייכט איז, אז דער מענטש זאָל ווערן פריי.

אים וועט נישט העלפן גאָט און נישט קיין העלד —
מען זינגט אין שענסטן ליד אויף גאָר דער וועלט.

און לענגער איז דער וועג ווי כ׳האָב געמיינט,
ווען אָן א העלד קומט אויס זיך צו באגיין.

און ס׳איז נישטאָ צום מעשהלע קיין ענד.
דאָס פולע גליק איז ווייט. די וויטקייט בלענדט.

.1956



מיין וואָרט ווערט אָפּט פאַרוואַנדלט אין געבעט,
די שטילקייט בלויז קאָן הערן ווי איך רעד.
נאָר נישט צו גאָט און געץ שטרעק איך די הענט —
צו זיך אַליין מיין תפילה איז געווענדט.
איך זאָג זי מיט דעם ניגון פון מיין ליד:
— אָ, לעבן מיינס, פון שלעכטסקייט מיך פאַרהיט!
באַשיץ מיך פון דער שטרויכלונג וואָס פאַרשעמט,
און זאָל די גאווה מיר פאַרבלייבן פרעמד,
און זאָל מיין האַרץ נישט פּרעסן דער פאַרדרוס,
נאָר יעדנס שמייכל זאָל מיר זיין א גרוס,
און יעדער טאָג — אַן אנהייב פון דאָס ניי —
איך זאָל דער יוגנט קאָנען בלייבן טריי!
היט אָפּ די קלאָרע פרישקייט פון מיין טרער,
היט אָפּ פון צוגעוווינטקייט מיין געהער,
היט אָפּ פון מאָנאָטאָנקייט מיין געמיט,
היט אָפּ פון אויסגעלערנטקייט מיין ליד!
און אויב דאָס האַרץ איז נישט פון קאַלטן שטאָל —
דערלויב אַמאָל דעם ציטער אין מיין קול,
דערלויב דעם צווייפל, און דעם ווייַ דערלויב,
נאָר נישט — אַז איך זאָל בלייבן בלינד און טויב!

1955.

* *
*

דו ווייסט פארוואָס אין הארצן נאָגט און נאָיעט ?
אזוי האָט מען מיין לעבן אָנגעסטראָיעט.

אזוי פלעגט מיך אמאָל מיין מאמע וויגן,
אזוי געקלונגען האָט מיין טאטנס ניגון.

אזוי האָט זיך מיין ערשטע פרייד געוואָרגן
אין אָנגעלויף פון שאָטנס און פון זאָרגן.

אין אומרו פון די ארבעטסלאָזע ברידער,
אין שטילן אומעט פון מיין שוועסטערס לידער.

דו ווייסט פארוואָס אין הארצן נאָגט און נאָיעט ?
דער אומרו לעבט נאָך און דער אומעט דויערט.

ביז איצט בין איך זיי נאָכגישט בייגעקומען,
זיי ווילן אין מיין בלוט נאָך אלץ נישט שטומען.

אדורכגעריסן האָב איך זיבן פלאמען,
נאָר מיך יאָגט נאָך דאָס וויג־ליד פון מיין מאמע.

דעם טויט האָב איך באוויזן צו באזיגן,
נאָר נישט — מיין טאטנס וויטיקדיקן ניגון.

געגרייכט האָב איך צו אלע מיינע פריידן,
נאָר מיט דעם טרויער קאָן איך זיך נישט שיידן.

ער לעבט נאָך אין מיין הארצן און ער נאָיעט. —
אזוי האָט מען מיין לעבן אָנגעסטראָיעט.

.1955

## צי ווייסטו, וויפל דאָס האָט מיך געקאָסט?

און אויב דו זעסט א שמייכל אויף מיין פּנים,
און אויב די פרייד האט מיך נאָך נישט פארלאָזט,
און אויב איך שטיי נאך קעגן מיינע שונאים —
צי ווייסטו, וויפל דאס האָט מיך געקאָסט?
מען האָט געפּרווּט דעם שמייכל ביי מיר רויבן,
מען האָט געפּרווּט פארטיליקן מיין פרייד,
מען האָט געפּרווּט דערהרגענען מיין גלויבן,
מען האָט געפּרווּט דערווערגן מיינע רייד.
אנטקעגן מיר געגאַנגען איז די שנאה
פון אלע ווינקלען אויף דער גאָרער ערד —
קיין אָרט האב איך דאָרט נישט געדארפט געפינען,
געדארפט האָט מיין געזאַנג דאָרט זיין פארווערט.
אנטקעגן מיר געגאַנגען איז דער ליגן
אין אלע אָבערגלויבנס אָנגעקליידט,
און דאָס געזעץ האָט אלע מאָל געשוויגן
אויף סאַנקציאָנירן דאָס פארברעכן גרייט.
ווי וואלט איך דאס געקאָנט אריבערטראָגן
און מיט עקשנות מאָנען מיינע רעכט,
און איינער קעגן אלעמען זיך שלאָגן —
ווען נישט דער גלויבן, אַז איך בין גערעכט?
איך האָב דעם צווייפל פון מיין הארץ געטריבן,
איך האָב צום בלוט דעם יאוש נישט דערלאזט,
דער שמייכל אויף מיין פּנים איז געבליבן —
צי ווייסטו, וויפל דאס האָט מיך געקאָסט?

.1955

# און ווידער די זעלבע אומהיימלעכע קעלט

און ווידער די זעלבע אומהיימלעכע קעלט —
ווי איך וואלט אויפסניי איצט פארטריבן געוואָרן
אין פינצטערן צימער פון יענעם האָטעל,
ווו איך האב געוווינט אין די דרייסיקער יאָרן.
מיין פוילישע היים האב איך דעמאלט פארלאָזט —
דארט האט מען מיין ליד און מיין לעבן געוואָרגן.
איך האָב נישט געוווסט, אַז אין רוסישן פראָסט
ווערט קולבאַק מיין חבר געפירט אויף קאטאָרגע;
איך האב נישט געוווסט, אז אויך דאָרט ווערט צעשטערט
דאָס לעצטע, וואס איז מיר אין לעבן געבליבן —
איך האב נישט געוווסט נאָך, ווי טריף און פארווערט
עס זענען די שורות, וואס איך האָב געשריבן.

און איצטער ? די זעלבע אומהיימלעכע קעלט,
וואס לויפט מיר ארום אינעם בלוט, אין די ביינער.
פאריז איז דער צענטער נאָך אלץ פון דער וועלט,
און איך אין האטעל דאָ בין ווידער בלויז איינער.
נאָר איצטער פארשטיי איך, פארוואָס איז מיין שפּראַך
דער ביטערער גורל פון יידישן זינגער —
איך ווייס שוין, אַז מארקישן האט מען געבראַכט
אין טורמע מיט איבערגעבראָכענע פינגער;
איך ווייס שוין, אַז יעדע באוואפנטע קראַפט
איז גרייט צו פארניכטן מיט שוועבל און פייער
דאס יידישע ליד מיינס — דעם בלוטיקן זאַפט,
וואס איז, ווי דאס אייגענע לעבן, מיר טייער.

פאריז, נאָוועמבער 1956.

# אָך, האָט מען מיין לעבן מיר צעבראָכן

אָך, האָט מען מיין לעבן מיר צעבראָכן,
אָפּגעהאַקט אין סאמע מיטן בלי.
נישט קיין יום־טוב, נישט קיין אינדערוואָכן,
נישט קיין אָוונט, נישט קיין אינדערפרי.
אויסגענוצט, באליידיקט און פארשטויסן,
צוגערויבט פון הייליקסטן פארמעג,
האָט מען מיך געוואָרפן פארן דרויסן —
אין מיין בלוט צו שטילן דאָס געשלעג.

הפקר בין איך, ווייל איך בין דער שוואַכער,
יעדעס זידל־וואָרט פּאַסט מיר זיך גוט,
און דעם שנוק פון יעדן דבר־אחר
שמעקט דער ריח פון מיין יידיש בלוט.
מיט מיין אויסזען לייכט איז אויפצורייצן:
אָפּגעלענקט מען האט אויף מיר דעם האַס —
פון די מיטלאלטערלעכע קרייצן
ביז די שלאכטן צווישן קלאַס און קלאַס.

אָך, האָט מען מיין לעבן מיר צעבראָכן!
אויסגעריסן האָט מען פון מיין האַנט
אויך די פאָן פון קאמף און פון נצחון
און געלאָזן מיך אליין ביים ראַנד.
חוזק קוקט ארויס פון גרויע אויגן,
שנאה אין די דינע ליפּן זידט.
פון דער הויט מען האָט מיך אָפּגעצויגן,
און פארשעמט געבליבן איז מיין ליד.

בריסל, נאָוועמבער 1956.

### א.

## דער רוף

אַ פּייל פונעם בויגן אין גלות
שפּרינגט־אָפּ פון דער ערד ווי אַ שטראַל —
דאָס טראָגט מיך פון וואַרשע קיין לוד
דער העלער אַוויאָן פון „אל־על“.

ער רייסט דורך דעם וואָלקן ווי שוים,
דעם בלויען אין־סוף ער צעשניידט.
מיט מיר ווערט פאַרלוירן אין רוים
די אנונג פאַר שטח און צייט.

פאַרוואָס איז אין קעל אַזוי ענג ?
פון וואַנען דער שוידער אין גוף ? —
אַ נס איז געשען : איך געדענק
פון טויזנטער יאָרן דעם רוף.

אים האָט נישט פאַרטויבט דאָס געשריי
אויף אַלע געמערק פון דער וועלט.
מיט יידישע גבורה און ווײ
האָט ער זיך אנטקעגנגעשטעלט.

פון אויבן דער הימל איז ריין,
פון אונטן — אַ שוואַרצער תהום.
איך ראַטעווע איצט מיין געביין
פון הונדערטער דורות פּאָגראָם.

איך טראָג זיך אַרויף און אַרויף,
אַלץ ווייטער ווער איך פון דער ערד.
וואָס שנעלער איך לויף און אַנטלויף —
דער רוף ווערט אַלץ העכער געהערט.

ער יאָגט איבער טייכן און בערג —
פון פלי דער אַוויאָן איז צעגליט,
נאָר פלינקער פון אים איז דער פערז
פון יהודה הלוי'ס אַ ליד.

די זון ווערט פארוואנדלט אין פלאַם,
די שטערן פארשיטן דעם וועג —
ער היפּערט אריבער דעם ים
און קוקט אויס א זיכערן ברעג.

די פייל פונעם בויגן אין גלוט
ווערט שנעל צו דער ערד שוין געבראַכט.
אָט זע איך דאָס פייער פון לוד —
דאָס ליכט אויפן ראַנד פון דער נאכט.

## ב
## „פארבלייבט !“

דעם באָדן פון שטיין און פון ליים,
דורך טויזנטער יאָרן פארברענט,
האָב איך ביי מיין אָנקום אהיים
אין ערשטער מינוט נישט דערקענט.

דער פלי־פלאץ איז ציכטיק און ריין,
די ערד איז מיט אספאַלט געדעקט.
אין קעל איז דאָס שטילע געוויין
געבליבן פארשטיקט און פארשטעקט.

געדארפט האָב איך שטיין אויף די קני
און קושן די נאַקעטע ערד.
נאָר איך בין געקומען אין פלי,
און איך בין איר חסד נישט ווערט.

פאר מיר האָבן מענטשן געגרייט,
געפלאַסטערט דעם פלי־פלאץ אין לוד.
איך האב נישט געאַקערט, געזייט,
איך האב נישט פארגאָסן מיין בלוט.

איך האָב נישט געטראָגן קיין לאַסט,
איך האָב נישט געזונגען איר ליד.
געקומען בין איך ווי אַ גאַסט,
ווען אַלץ האָט שוין צען מאָל געבליט.

אין וואקל שטעל איך איצט מיין טראָט.
א מענטש נעמט מיין פּאַס און פארשרייבט.
— איר זענט אַ טוריסט בלויז ? אַ שאָד.
ער ווינטש מיר : „שלום“ און : „פארבלייבט !“

„פארבלייבט !“ — אין דעם וואָרט האָט דערוואַכט
די ליבשאַפט, די זאָרג און די פּיין,
און איך האָב דערזען אין דער נאכט —
פון שטערן די היימישע שיין.

ג׳

# נאכט

דער אויטאָ יאגט דורך און צעשניידט
די הייסע און דומפּיקע נאכט.
אַ שטומקייט הענגט איבער דער ווייט,
נאָר דאכט זיך, אַז עמיצער וואכט.

אין דאָרפישע הייזער איז שטיל,
נישטא אין די פענצטער קיין ליכט,
נאָר אַזש ביז צום ווײַ־טאָן איך פיל
פון אומרו און זאָרג דאָס געוויכט.

די חשכות געגענט צו איר סוף,
איך ריר זי אזש אָן מיט דער האַנט. —
ווער קיינער נישט שטערן דעם שלאָף,
די שעה פונעם אָפּרו אין לאַנד?

עס שלאָגט פון פּרדסים א היץ,
דאָרט רייפט איצט די גאָלדענע פרוכט.
א שטערן לויפט דורך ווי א בליץ —
צי האָט מיך דער שטערן געזוכט?

אַן אייגענער בין איך — די ערד
האָט אויך אין דער נאכט מיך דערקענט.
אין שטילקייט האָט זי מיך דערהערט,
אין חשכות האָט זי מיך פאַרבלענדט.

איך ווער איצט באַפרייט פון דער שטראָף,
דער גרעסטער פון לעבן — די שאַנד. —
זאָל קיינער נישט שטערן דעם שלאָף,
די שעה פונעם אָפּרו אין לאַנד.

## ד
# פרימאָרגן

מען האָט אין א שטוב מיך געבראַכט,
און גרייט איז פאר מיר דאָרט א בעט.
— א דאַנק! ס׳איז נאָך טאַקע איצט נאַכט,
נאר רוען פאר מיר איז צו־שפּעט.

כ׳וועל שטיין אין דער אָפּענער טיר,
דערוואַרטן דעם אָנקום פון טאָג,
און זען, ווי אין לייכטן באַריר —
דאָס ליכט טוט פון הימל א שלאָג.

א ווינטל לויפט איבער קוים־קוים —
א בשורה אין שטילן פאַרטרוי.
און פּלוצים דערזע איך א בוים
אינגאַנצן באַגאָסן מיט טוי.

א רגע — דער הימל ווערט בלייך,
א צווייטע — דער הימל איז בלאָ.
ווי שרעקלעך, ווי שנעל און ווי ווייך
די נאַכט פאַלט אַראָפּ אין איר דנאָ.

א פויגל שניידט איבער די לופט,
דער צווייטער נאָך אים — אין גע׳יעג,
און איינער דעם אַנדערן רופט
צו וואַנדער, צו מי און געשלעג.

דאָס גראָז קריגט צוריק שוין דעם גרין,
די בלום קריגט צוריק שוין די פאַרב,
און ס׳טיילט זיך שוין אָפּ יעדער מין
באַזונדער, און גרויזאַם, און האַרב.

נאָר דאָ, אין דער אָפּענער טיר,
שטייט שטיל און פאַרטייעט א מענטש,
און יעדע דערוואַכטע קאָליר
ווערט איצט פון זיין שמייכל געבענטשט.

## ה

## ווי קליין אָט דאס לאַנד נישט זיין

ווי קליין אט דאָס לאנד זאל נישט זיין —
איז יעדער שפּאציר אַ סורפּריז.
א פרישע, אַן אנדערע שיין
אנטפּלעקט זיך פון אונטער די פיס.

מיט יעדער מינוט אין מעת־לעת
דער הימל בייט איבער דאָס ליכט,
און ממש אזוי ווי אַ נס —
די שיינקייט דערשיינט אומגעריכט.

די שטרענגקייט פון שטיינערנע בערג,
די שלווה פון רואיקן טאָל. —
גאָט האָט דא געענדיקט זיין ווערק
פון מעשי־בראשית אמאל.

און ווי אין גן־עדן פארווירט,
איך זוך פון דער ערד איר געשטאַלט —
אין גרינקייט פון פליין, וואָס וויברירט,
און אין דעם שיפּוע, וואָס פאַלט.

אין טייך, וואָס שניידט איבער דעם וועג,
אין באַרג, וואָס פארשטעלט מיר דעם רוים,
אין ים, וואָס לויפט אָן ביי דעם ברעג
און קושט דאָרט דעם זאמדיקן זוים. —

און אפשר איז טאַקע באשערט,
אז דאָס איז דאָס איינציקע אָרט,
ווו איך וועל געפינען דעם ווערט
פון טאַט און פון קראפט אין מיין וואָרט.

## ו
# רויטע ערד

די ערד אין הרצליה איז רויט
און קרישלט זיך לייכט אין דער האַנט.
איך ווייס נישט, צי טויג זי אויף ברויט —
איך ווייס נאָר, אַז דאָס איז מיין לאַנד.

פון ליידנשאפט איז זי צו־הייס ;
געפלעגט ווערט איר יעדער געוויקס
מיט טראָפּנס פון וואַסער און שווייס,
באשיצט פונעם מענטש מיט דער ביקס.

איר נאקעטקייט טוט אזוי וויי,
פון ליבשאפט — דאָס האַרץ ווערט פארקלעמט.
דאָס לאַנד פונעם רעגן און שניי
געלאָזן האָב איך אין דער פרעמד.

דאָרט קלאָגט א בעריאָזע און שרייט
און רייסט זיך די בלעטער פון קרוין
אויף יענער יארהונדערטער־צייט,
וואָס איך האָב אין פוילן געוווינט.

וואָס איז דאָרט געבליבן נאָך מיר ?
צעשטערטע מצבות און שטויב ;
אַ שטומע, פארשלאָסענע טיר,
וואָס גליווערט דערשראָקן און טויב.

די ערד איז דאָרט פרוכטבאר און פעט,
דאָס אש ווערט פארוואנדלט אין מיסט.
זי גיט פאר מיליאָנען די זעט —
אָן ארבעט כמעט און אומזיסט.

איך האָב מיט מיין בלוט זי געגערט,
איך האָב זי געשיצט מיט מיין ליד.
נאָר מיר איז דאָרט לעבן פאַרווערט,
ווייל איך בין געבליבן א ייד.

— — — — — — — — — —

די ערד אין הרצליה איז רויט
און קרישלט זיך לייכט אין דער האַנט.
איך ווייס נישט, צי טויג זי אויף ברויט,
איך ווייס נאָר, אַז דאָס איז מיין לאַנד.

ז
# אין גליל

איך גיי אין כאמסינישן ווינט
און איבער מיין קאָפּ איז די זון —
אין פּוילן איז הארבסט שוין אַצינד,
נאָר איך וויל נישט וויסן דערפון.

מיך פּרוּווט נאָך דעריאָגן אהער
דער רויש פון די בלעטער אין פאַל.
איך וויל נישט געדענקען שוין מער
די פארבן פון גיפט און פון גאַל.

איך נידער אראָפּ אינעם טאָל —
וואָס איז מיר געבליבן פון דאָרט ?
נישט מער ווי דער שפּור פון מיין קול,
א ניגון אָן קלאַנג און אָן וואָרט.

איך נידער אראָפּ אין גליל —
וואָס האָב איך פון פּוילן געבראַכט ?
א וויטיק, וואָס נאָיעט מיך שטיל,
אַ ניגון פון שרעק און פון נאכט.

איך נידער אראָפּ פון די בערג,
די חמימה פארכאפּט מיך אין פלאַם.
אין האלדז שטיקט מיך אלץ נאָך און ווערגט
דער ניגון פון יענער זייט ים.

— כנרת, מיין גאָלדענע פרייד,
פון אומקום באשיץ און באהיט —
דיין רו און דיין חסד פארשפּרייט
אויף מיר און מיין אומגליקלעך ליד !

## ח
# כנרת

„ופני לא יראו...״
(שמות ל׳ ג)

א היץ און א קעלט אינעם בלוט
באגלייט מיך פון טבריה קיין צפת —
אין משך פון פופצן מינוט
געביטן ווערט ראש דער קלימאט.

ארום דעם כנרת אין קרייז
איך דריי זיך און קאָן נישט אַוועק.
פארכישופט איך קום אָן באנייס
צו אים פון אַן אנדערן ברעג.

נאָר ווי איך פארליר אים פון בליק —
געענדערט ווערט גלייך זיין קאָליר,
און ווען איך קום ווידער צוריק —
אַן אנדערער איז ער פאר מיר.

ווייל וויפל מינוט אין דעם טאָג —
אזויפיל קאלירן ער האָט.
צי האָט דען שוין עמיץ געזאָגט,
אַז דאָס איז דער שפּיגל פון גאָט?

אויב דו ווילסט דערזען זיין געשטאלט —
פון ליכט און פון פארב ווערסטו בלינד.
א רגע דיין פנים באהאַלט
ביז וואַנען דער צויבער פארשווינדט.

נאָר פונקט ווי צום פייער מיך ציט
צוריק צו זיין פיבער און בלענד,
און אין דעם פארנאכט ווען ער גליט —
אין אים וויל איך ווערן פארברענט!

ט
# א נאכט אין צפת

דער רעגן פון שטערן אין צפת
איז לאַנג שוין געוואָרן פארטראכט.
איך האָב אזאַ זכיה געהאַט —
איך האָב דאָרט געחלומט א נאכט.

איך גיי אינעם גאַסן־געהאַנג,
אין שאָטן צו הויכקייט איך שטייג.
דאָס הארץ ווערט צעשפּארט פון געזאַנג,
וואָס שווארצער און טיפער איך שווייג.

איך שטרעק אויס אין חושך די האַנט —
אַן אָנשפּאַר איך זוך פאר מיין טראָט.
און שווער איז אריבער דעם ראַנד
פון וואָר און פון טרוים אין דער שטאָט.

דער שאָטן איז גאנץ ווי א פלעק
און זאַפּט אין זיין ווייכקייט מיך איין.
איך הייב אָן פארלירן די שרעק
אויף גרענעץ פון זיין און נישט־זיין.

מיין עבר פארשטעלט איז און שטום,
פארווישט איז זיין יעדער קאָנטור;
פון ליכט און פון רויש און פון רום
איז מער נישט געבליבן קיין שפור.

פארוואָקסן בין איך מיט דער נאַכט,
ביז ראוי וועט זיין די מינוט,
אַז איך זאָל ארויס פון איר טראַכט
פארכלינעט פון ליכט און פון בלוט.

י

## אויפֿן הר־ציון

די שטאָט איז צעשפּאָלטן אויף צוויי,
און ציון דער באַרג — אין דער מיט.
אַ צייכן פֿון ווינד און פֿון וויי,
אין הארץ פֿון ישראל אַ שניט.

אין רעשטן בנינים פֿון שטיין
דערקענסטו די שיכטן פֿון צייט. —
געדענק, אַז די וואַנט פֿון געוויין
איז דאָרט, אויף דער אנדערער זייט.

אַ גרענעץ אינמיטן דער שטאָט,
דיין יעדער באוועג ווערט פֿארקלעמט,
און טוסטו אַ ברייטערן טראָט —
געפֿינסטו זיך שוין אין דער פֿרעמד.

אפֿילו דער שטים איז צו־ענג —
עס פֿעלט פֿאר איר עכאָ די וויט. —
דער קבר פֿון רחל, געדענק,
איז אויך אויף דער אנדערער זייט.

און וואָס איז געבליבן דאָ גאַנץ?
און וואָס איז געבליבן פֿארהיט?
פֿון דוד המלך דער גלאַנץ,
צי גאָר פֿונעם תהלים זיין ליד?

איך ווייס, אַז דער גלאַנץ איז נישט דער,
אַז ער איז געפֿעלשט און געבאָרגט;
איך ווייס, אַז פֿון ליד איז נישט מער
געבליבן, נאָר ווייטיק און זאָרג.

איך האָב דאָס פֿון גלות געבראַכט
אין פֿרעמדע ניגונים פֿארקליידט.
נישטאָ דאָרט פֿון דוד די פּראַכט,
נישטאָ דאָרט קיין שפּור פֿון זיין פֿרייד.

זאל זיין! איך וועל צינדן א ליכט
און געבן דעם ייד מיין געשאַנק.
נאָר זאָל ער נישט זען מיין געזיכט
אין טרויער פון תהלים־געזאַנג.

גיי שנעלער אוועק און פארשווינד,
נאָך איידער מען הערט דיין געשריי,
נאָך איידער פון טרערן ווערסט בלינד — — — —
די שטאָט איז צעשפּאָלטן אויף צוויי.

## יא
## כרמל

דער וועג פירט ארויף צו דעם באַרג
צו העלערן הימל און שיין.
די לופט איז דאָ לויטער און הארב
און שמעקט מיט דעם ריח פון וויין.

איך קוק פונעם כרמל אראָפּ
און קאָן פונעם אָרט נישט אוועק.
מיר הייבט זיך אָן מישן אין קאָפּ
אין שכרות פון תענוג און שרעק.

דער ים האָט אַ נעץ דאָרט פארשפרייט
און ציט מיך אהין צו זיין פלאַך.
אַן אנגסט מיך באפאַלט: איך ווער גרייט,
די בלויקייט פון ים מאכט מיך שוואַך.

איך קלאמער זיך איין אין באריער
אין מורא פאר פלי און פאר שווונג.
צו־לייכט איז מיר איצט און צו־שווער
פארהאַלטן דעם גוף פון א שפרונג.

אין הארץ ווערט פארגליווערט דאָס בלוט,
פון גלוסטונג ווערט גלאטיק מיין הויט.
געטראָפן האָט מיך די מינוט
פון חשק און תאווה צום טויט.

א נס: איך ווער פלוצים באפרייט
פון טיפן תהום און זיין שרעק,
און קלאָר זע איך איצט פון דער ווייט:
דער ים איז גאר העכער פון ברעג!

## יב
# זון־אונטערגאַנג אין נתניה

א זויבערער שבת־פאַרנאַכט
אין בלוילעכן הימל געצירט.
די קראָמען — פאַרהאַקט און פאַרמאַכט,
דער פרידלעכער עולם שפּאַצירט.

ער שטראָמט אין דער ברייט און ער ציט
צום פּאַרק אויפן ראַנד פונעם ים.
און שנעל ווערט נתניה צעגליט
אין פאַרבן פון פּורפּור און פלאַם.

פאַרשלונגען בין איך פון המון,
מיין פרעמדקייט ווערט מער נישט דערקענט.
איך קוק זיך ארום און איך שטוין —
צי האָט זיי די שקיעה פאַרבלענדט ?

איך בין דאָך אין שטאָט דאָ א גר,
מיין קלייד איז פון וועג נאָך פאַרשטויבט.
איך קום דאָך ערשט נאָרוואָס אהער —
פון וויטיק בין איך נאָך פאַרטויבט.

צי ווייסט דאָ נישט קיינער דערפון ?
צי זעט שוין נישט קיינער מיין שרעק ? —
דער שטראָם נעמט מיך ווארעם ארום
און פירט מיך אראָפּ צו דעם ברעג.

א רויטער, צעפייערטער קנויל
באַרירט שוין דעם גלאנציקן פלאַך.
באלד וועט פון מיין שווייגנדיק מויל
אַ שפּריץ־טאָן די בלוטיקע שפּראַך.

יג

## די באפרייער

פאר יעטוועדן בוים וואָס דו זעסט
איז ערגעץ געפאלן א העלד,
איז ערגעץ געבליבן א נעסט —
א היים, ווו אַן אייגענער פעלט.

און איך שטיי אצינד אויף א באַרג —
מצבות פון נאַקעטן שטיין.
ווי פעלז מוז דאָס הארץ דאָ זיין שטאַרק,
ווי פעלז — אויך דאָס וואָרט אין די ציין.

די שטילקייט ארום און ארום
שלינגט איין אָן אַן עכאָ דאָס וואָרט,
און שטעלט אויף אַן אייביקן תחום
פון רו אויף דעם הייליקן אָרט.

פאר יעדן דער זעלבער קוואַדראַט,
דער זעלבער — אין מאָס און געשטאַלט:
א גרויער און שטיינערנער פלאַט
פאר יעדן — פאר יונג און פאר אַלט.

נאָר ווי איך נעם לעזן די שריפט —
גייט אויף פונעם קבר א פלאַם,
און דומפּ קומט ארויס פון דער טיף
דער אייגענער נאָמען און שטאַם.
— — — — — — — — —

צי קוקט זיך דאָ קיינער נישט אום?
ניין, קיינער האָט גאָרנישט געהערט.
א שטילקייט ארום און ארום,
אַן אייביקע רו אויף דער ערד.

## יד
# אן אַלטער באקאנטער

געטראָפן האָב איך אים אין גאַס,
א שטילער איז ער מיך פארביי.
זיין פנים געווען איז טויט־בלאַס,
די אויגן — פארגאָסן מיט בליי.

און פלוצים, ווי איך וואָלט דערשפּירט,
אַז איך בין שוין מער נישט אליין —
דער מענטש איז געשטאַנען פארווירט,
ווי איבערגעביטן אין שטיין.

דערנענטערט האָב איך זיך צו אים,
אומזיכער האָב איך אים געגריסט,
און דעמלט דערהערט כ׳האָב זיין שטים:
— איך קען דיך און ווייס ווער דו ביסט...

אויך דו ביסט געקומען אהער
צו זוכן א טרייסט אין דעם זאַמד?
אויך דיר איז געבליבן נישט מער,
ווי אָט אָ דער פּאַס ביי דעם ים?

און ווו איז דאָס מונטערע ליד?
און ווו איז דיין טרוים אויף דער וואָר?
און ווו איז געוואָרן פארהיט
דער שפּור פון פארגאַנגענעם דור?

— גענוג שוין, גענוג שוין, גענוג!
איך קען שוין די ניכטערע רייד.
זיי זענען צו־כיטרע און קלוג —
דערשטיקן מיך זענען זיי גרייט.

נאָר איך האָב נאָך גארנישט געשענקט,
איך בין נאָך נישט מיד און דערשעפּט.
דעם גאַנג פון אמאָל איך געדענק,
דאָס ליד, דאָס פארגאַנגענע, לעבט!

## טו
# נגב

פון דיבינקע ביימלעך א ריי,
און ווייטער — די ערד ווערט פארברענט.
דער מדבר ליגט אפן און פריי
און וואַרט אויף די מענטשלעכע הענט.

אים נעמט מען נישט איין מיט געזאַנג,
אים נעמט מען נישט איין מיט געווער.
ער ווארט שוין יארהונדערטער לאַנג
אויף ווערן פארוואנדלט אין ערד.

ער ליגט אין געוואלגער פון שטיין,
אין טרוקענע זאמדן דערשטיקט —
אים דארף מען מיט נעגל און ציין
באהערשן אַ שטיק נאָך א שטיק.

דער שוויס איז זיין ערשטער פארלאַנג,
און וואַסער — דאָס איינציקע ליד.
ער ווארט שוין יארהונדערטער לאַנג
אויף ווערן באגרינט און צעבליט.

דו זעסט ווי דער מענטש קומט אהער ?
ווי שטיל און באשיידן ער טרעט ?
ווי ער נעמט דאָ איין אָן געווער
די נאָך נישט געבוירענע שטעט ?

אַן אנשטרענג — דער שטיין האָט געֶרירט,
אַ שפּאַן איז געוואָרן באפרייט — — —
און וואסער וועט ווערן דערפירט
פון ערגעץ אַ טייך אין דער ווייט.

## טז
# יד מרדכי

און דאָ, אויף דער גרענעץ פון מאָרד,
ווו מענטש קעגן מענטש ווערט אַ וואָלף,
פארנומען האָט ווידער זיין אָרט
דער גיבור פון יידישער פאָלק.

אין איין האַנט געביילט איז די פויסט,
אין צווייטער איז גרייט דער גראַנאַט.
זיין גוף איז געווענדט אויף פאָרויס,
א גרייטער צו שפרונג און צו טאַט.

נאָר וואָס זע איך איצט אין זיין בליק?
נישט שנאה און נישט קיין פארדאַכט.
פאר שלום און מענטשלעכן גליק
געגאַנגען איז ער אין דער שלאַכט.

מיר דוכט, אַז דער בראָנז איז צעגליט
און כוואליעט נאָך אויס זיין פארלאַנג.
ער רופט דעם אראבער און ייד
צו פרייהייט און פעלקער־געזאַנג.

מיר דוכט, אַז זיין ברוסט איז אין ברויז,
מיר דוכט, אַז אין שטומקייט ער שרייט:
— ארויס פון טראנשייען, ארויס,
פון דער און דער אנדערער זייט,

און נעמט זיך, ווי ברידער, ארום,
און בויט אויס בשותפות די שטעט —
פאר אלעמענס ווילזיין און רום,
פאר אלעמענס שלום און זעט!

יז

## אַ זייטיקער, שמאָלער שאָסיי

אַ זייטיקער, שמאָלער שאָסיי —
צי קאָן מען אים רופן אַ כביש ? —
אין בלויען פרימאָרגן איך גיי —
ווי לויטער די לופט איז און פריש !

די זון האָט זיך נאָך נישט צעברענט,
דאָס גראָז האָט אין זיך נאָך דעם זאַפט,
דער הימל איז נאָך נישט פארבלענדט,
דער שאָטן פארמאָגט נאָך זיין קראַפט.

איך אָטעם פּאַמעלעך און גרינג
און קאָן נישט באַגרייפן דעם סוד,
פאַרוואָס איז מיין גאַנג אַזוי פלינק,
אַז טראָט ווערט געבוירן פון טראָט ?

איך בין נישט אַליין אין דער פרי.
דער שמאָלער שאָסיי איז איצט פול
מיט מענטשן, וואָס גייען צו מי,
מיט קינדער, וואָס איילן אין שול.

איך בין אין דעם גאַנג נישט אַליין,
כאָטש איך וועל נישט שמעלצן קיין שטאָל,
כאָטש איך וועל נישט טעסען קיין שטיין —
אויך איך בין נישט פריי פונעם עול.

איך בין נישט אליין אין דעם גאַנג,
מיט טויזנטער גיי איך איצט מיט.
מיט זיי נעם איך איין אָט דאָס לאַנד —
דעם באָדן פאַר אייגענע טריט.

יח

## פון מזרח און מערב

פון מזרח — די שנאה אין פלאַם,
פון מערב — דער אָפּגרונט אין ים,
און צווישן דער סטיכיע און האַס —
א לאַנד וואָס איז שמאָל ווי א פּאַס.

איך שטרעק אויס צו מזרח די האנט —
זי ווערט אָפּגעגאָסן פון בראַנד;
איך שטרעק אויס צו מערב דעם פוס —
פארגיסט אים דער שטורמישער פלוס.

איך הייב אויף צום הימל דעם בליק:
אַ זון, ווי אַ גאָלדענע שטריק,
כאַטש כאַפּ זיך ארויף און דערגרייך,
ווייל וואַקסן קאָנסט נאָר אין דער הייך.

קיין ברייט איז נישטאָ, נאָר א לענג,
דעם בוים אין די וואָרצלען איז ענג.
און אויב עס דארף קומען אַ פרייד —
פארפעלט פאר איר אטעם די ברייט.

א גרענעץ אויף ים און אויף באַרג —
ווי קאַרג איז די ערד, אוי, ווי קאַרג!
קיבוצים, ישובים און שטעט —
א לאַנד, וואָס איז שמאָל ווי אַ ברעט.

און דאָס איז צופיל נאָך, צופיל —
דאָס ברעט איז דעם שונא א ציל — — — —
פון מזרח — די שנאה אין פלאַם,
פון מערב — דער אָפּגרונט אין ים.

יט

## אָפּשייד

אָט באַלד שוין פאַרלאָז איך דיין גבול,
ישראל, מיר ווערן צעשיידט.
מיין לייב, ווי אַ מילגרוים, איז פול
מיט קערנער פון וויי און פון פרייד.

אין האַרץ בלוטיקט אַלץ נאָך די ווונד
פון אָנפאַל אויף רמת־רחל —
נישט העלפן וועט מער דאָס געזונט,
אַז זי זאָל פאַרהיילן זיך שנעל.

אַזש ביז צו מיין לעצטער מינוט
געדענקען וועל איך דעם גליל,
און ס'וועט מיך באַגלייטן פון לוד
דאָס ליכט פון כנרת אין שפּיל.

זיין בלאָקייט וועט ווערן אַנטפּלעקט
אַמאָל אין אַ פּראָסטיקן שניי
און וואַרפן אַ העלערן פלעק
אין ליד פון מיין טרויער און וויי.

און דעמלט וועל איך אויף מיין הויט
דערפילן דעם וואַרעמען ווינט.
מיך וועט ער באַשיצן פון טויט,
פון פּיין און פון פרעמדקייט — מיין קינד.

נאָר אויב איך וועל קומען אמאָל
אויף תמיד אהער, ווי א ייד —
דערלויב מיר פון פוילישן טאָל
אויך ברענגען דעם טאָן פון מיין ליד.

שלום דיר, ישראל! דיין ליכט
וועט שיינען אויף אלץ וואָס איך טו.
איך נעם איצט די בענקשאפט מיט זיך,
און — זאָל זי נישט געבן קיין רו!

תל־אביב — בריסל,
אקטאָבער 1956 — יאנואר 1957

# אינהאלט

## חרוב

ב י י ם   ר א נ ד

דער רוף